תלוש

# א זומפּ

ערצעהלונג

פון אמעריקאנעם אידישען פארמער לעבען

**פּרייז 25 סענט**

פ א ר ל א ג „ז א נ ג ע ן"
**199 Mt. Eden Avenue, Bronx, N. Y.**

## .1

דער אלטער קודלאטער, הינקענדיקער הונט פרינץ איז געלעגען ביים טויער פון א אידישער פארם אין די קעסטקיל בערג און געבענקט. דער טאג איז געווען א כמארנער, א קאלטער און ווייט אין מזרח זייט האבען זיך ערגעץ געצויגען קאראוואנען וואלקענס אנגעלאדענע מיט שניי. דער הונט פלעגט אלע ווײלע האלב אויפמאכען זיינע קראנקע, פארטרערהטע אויגען, אומעטיג א קוק טאן פון ביידע זייטען אויפ'ן וועג און ווידער איינדרעמלען.

מיט אמאל האט ער זיך גענומען צוהערען, אויפגעהויבען דעם קאפ און זיך הייזעריג פאנאנדערגעבילט, אנזאגענדיג, אז אימיצער פאהרט און וועט באלד אנקומען אויף א פאר ווייסע פערד מיט פרעהליכע גלעקלעך אויף זייערע העלזער און די גאנצע פארשנייטע שווייגענדע געגענד וועט זיך אויף א ווײלע אויפכאפען פון איהר ווייסען שלאף און ווערען פול מיט זילבערנעם געלעכטער און הילכיגען געזאנג.

פון דעם גרויסען דריי־גארענדיגען הויז, וואס איז געשטאנען אין א נידעריגען פלאץ, נאהענט ביים וועג, איז ארויס א יונגע פרוי, טוליענדיג די הענט צו דער ברוסט פון קעלט. זי איז געווען פון קליינעם וואוקס, מיט א פולען רונדען פנים און אביסעל א פאררײסען נעזעל זעהר ענליך אויף א רוסישער דארף־שיקסע. די פארמערקע האט א קוק געטאן אויפ'ן וועג, דערזעהן אימיצער קומט אן און גענומען שרייען אויפ'ן הונט, ער זאל בלייבען שטיל.

דערווייל זיינען די פערד צוגעלאפען צום טויער און זיך אפגעשטעלט. א הויכער, פעסט־געבויטער מאן איז ארויס פון שליטען. די פרוי האט פארוואונדערט עפעס אויסגעשריען, האט אויסגעשטרעקט די הענט צום גאסט

און איהם ארומגענומען און זיי האבען זיך צוקושט. דערנאך האט זי פלוצים באמערקט, אז איהר רייכער אנקעל פון ניו יארק זעהט אוים שלעכט, איז גע־ווארען עטוואס איינגעהויקערט, דער פנים געל ווי ביי א קראנקען, דער קול קלינגט מיעד און צובראכען. זי האט געוואלט גלייך פרעגען וואס איז מיט איהם ווייל ער פלעגט קיינמאל ניט פאהרען אין די בערג אפילו זומער, נאר זי האט זיך איינגעהאלטען און מיט פרייד אויסגעשריען:

— אנקעל קיילין! אזא גאסט, אזא גאסט! אין מיטען ווינטער! קומט אריין אין הויז.

זי האט איהם געהאלטען פאר'ן האנט און ער האט געקוקט אויף איהר מיט א גוטען, מיעדען שמייכעל אויף זיין פנים און פון אויפרעגונג ניט געוואוסט איהר וואס צו זאגען.

דעם גאנצען וועג פון ניו יארק האט ער אין וואגאן אלץ געטראכט וועגען איהר, ווי זי וועט איהם באגעגנען, ווי זעהט זי איצט אוים און וואס וועט זי איהם זאגען ווען ער וועט אריין אין איהר הויז. און אט איז ער שוין דא. זי איז ארוים אנטקעגען, ווי זי וואלט געפיהלט, אז ער דארף אנקומען. און עס איז ארום אזוי שטיל אין די בערג.

— קומט, אנקעל, קומט — האט זי איהם פאר'ן האנד אריינגעפיהרט אין הויז.

א קליין מיידעלע מיט א פאר גרויסע און שווארצע ווי פלוימען אויגען, האט נייגעריג א קוק געטאן אויף דעם גאסט און זיך באהאלטען אין א ווינ־קעל פון א ווייטען צימער. א פארשלאפענער האט זיך באוויזען דער בעל־הבית פון פארם, שאפירא, נאך גאר א יונגערמאן, מיט א בלאסען פנים און אומרוהיגע גנב'ישע באוועגונגען.

ער האָט קיילינ׳ען באַגעגנט מיט אַן אמת׳ער פרייד. זיין אינסטינקט האָט איהם אונטערגעזאָגט אַז ניט אומזיסט איז זיין פרוי׳ס רייכער קרוב אין מיטען ווינטער געקומען אין די בערג. אַפנים, אַ שטיקעל געשעפט — קויפען אַ האָטעל אָדער אַן אַנדער זאַך, — עפּעס מוז דאָ זיין. און דריקענדיג פעסט קיילינ׳ס האַנט, האָט ער דערצעהלט:

— איך ליעג אַזוי און דרעמעל און הער ווי דער הונט בילט און פון ווייטען קלינגען גלעקלאַך. קלער איך: אימיצער פאָהרט אהער, און וויל אַ געשריי טאָן לאָה׳ן אין קיך, זי זאָל אַרויס אַ קוק טאָן ווער עס קומט דאָרט. עפּעס האָב איך געפיהלט. און פּלוצלונג — אַזאַ גאַסט! גער ווייס!

ער האָט זיך געדרעהט אַרום דעם גאַסט, געהאָלפען איהם אויסטאָן דעם מאַנטעל, אוועקגעזעצט ביים טיש און מיט אַמאָל, ווי זיך אַן עפּעס דערמאָנט, איז ער אַראָפּגעלאָפען אין קעלער נאָך ווייז.

אין קיך האָט געשמעקט מיט פריש־געבאַקענעם ברויט און מיט געקאָכטע פרוכטען: עפּעל, פלוימען און אַפּריקאָסען. דער אויווען האָט געברענט ס׳איז געווען וואַרים און היימליך אַרום קיילינ׳ען. ער האָט זיך צורעדט מיט לאה׳ן, געפרעגט וואָס זי מאַכט און ווי לעבט זיך איהר דאָ אין דעם פאַר־וואָרפענעם ווינקעל. זי האָט איהם דערצעהלט, אַז פאַר־אַ־יאָהרען איז גע־גאַנגען ניט אַזוי וואויל, נאָר דעם לעצטען זומער האָבען זיי געמאַכט גוטע געשעפטען. די הויז איז געווען איבערגעפּאַקט מי געסט און אויך די ערד האָט זיי עטוואָס אַריינגעבראַכט. זיי האָבען פאַרפלאַנצט אַ גאָרטען פון אַלער־ליי גרינסען און אויך דאָס גראָז אויף די לאָנקעס איז געוואַקסען הויך און זאַפטיג.

ער איז געשטאַנען לעבען איהר ביים אויוועז און געוואָרימט די הענט. איהם איז געווען קאַלט און ער האָט דערפיהלט אַ לייכטען פיבער אין גאַנצען קערפּער. נאָר דאָס צוזעהן ווי לאה גרייט צו עפּעס עסען פאַר איהם, ווי זי געהט אַרום איבער'ן קיך אַ לייכטע, אַ יונגע און אַביסעל פאַרשעהמט פון פרייד, וואָס ער איז געקומען, האָט איהם דערמאָנט אָן יענע טעג ווען זי איז אַלט געווען זעכצעהן יאָהר און ער אַן אַלמן און אַ פאָטער פון דריי אונטער־געוואַקסענע קינדער, פלעגט כמעט אַלע אָוונט קומען אין הויז פון איהרע עלטערען, זיצען אַן אומעטיגער און שווייגען און בענקען נאָך איהר, ווען זי פלעגט אין אַן אַנדער צימער פאַרברענגען מיט איהרע בחורים און רייצענד לאַכען און שפּאַסען מיט זיי. און זאָגען איהר אַלץ האָט ער ניט געהאַט קיין מוט און קיינער פון די אייגענע האָט קיינמאָל גאָרנישט באַמערקט. און ווען זי איז געוואָרען אַ כלה האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ דיקע מיאוס'ע קאַסאָקע פרוי, וואָס האָט אַ קראַנקע האַרץ, ליעגט אָפט צו־בעט און געהט אַרום תמיד פאַרשלומפּערט.

— געדענקסט, לאה, ווי איך פלעג אַמאָל אַלע אָוונט קומען צו אייך אין הויז, געזוכט דיך און דו פלעגסט פון מיר אַנטלויפען מיט דיינע „באָיעס“?

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל געענטפערט:

— איך בין דאָן, אָנקעל, געווען אַ נאַריש מיידעל און ניט געוואוסט וואָס איך טו. איצט וואָלט איך אפשר אַנדערש געהאַנדעלט.

שאַפּירא איז אַרויף פון קעלער מיט אַ קריגעל וויין און איז גלייך צוגעשטאַ־נען צום גאַסט ער זאָל אויסטרינקען אַביסעל, ווייל אַזא געטראַנק קען מען דאָ ביי קיין פאַרמער ניט קריגען. דער וויין איז אַלט עטליכע יאָהר.

נאָכ'ן פאַרבייסען האָט קיילין זיך דערפיהלט בעסער. איהם האָט אויפגעהערט צו פיבערען. צוליעב וואָס ער איז אהער געקומען, האָט ער געקלערט רעדען מיט שאַפּיראָ'ן שפּעטער. אפשר זיינען זיי אַליין גרייט צו פאַרקויפען זייער פאַרם. דערווייל וועט ער זיי דערצעהלען דעם אמת, אַז ער איז קראַנק און איז געקומען אויף אַ וואָך־צוויי אָפּרוהען און פאַר דער צייט וועט ער זיך אַרומקוקען און זעהן וואָס ער האָט צו טהאָן. נאָר לאה האָט פון זיינע איינצעלנע ווערטער פאַרשטאַנען, אַז איהר רייכער אָנקעל איז געקומען אין די בערג קויפען אַ פאַרם, ווייל די דאָקטוירים האָבען איהם געראַטהען פאַרלאָזען די שטאָט. איהר פּנים האָט אויפגעפלאַמט פון אינערליכער פרייד. איצט איז געקומען די צייט פּטור צו ווערען פון דעם פאַרם, וואָס ליגט אין אַ זומפּ און נאָך אפשר מאַכען דערביי אַ פּאָר טויזענד דאָלער. אַלערליי פּלענער און געדאַנקען האָבען זיך גענומען דרעהען אין איהר קאָפּ, ווי אַזוי עס דורכצופיהרען.

זי האָט מיט אַ שטילען איינגעהאַלטענעם קול געזאָגט:

— ליעבער אָנקעל, מיר וועלען אייך ניט אַפּלאָזען פון דאַנען ביז איהר וועט איינגאַנצען ווערען געזונט. איהר מוזט בלייבען מיט אונז. איך וועל שוין זאָרגען איהר זאָלט אַלץ האָבען און טהאָן אַלץ, וואָס דער דאָקטאָר האָט אייך געהייסען

און שאַפּיראָ האָט זיך צוגאָסען וועגען די שעהנקייט פון די בערג און דעם פרייען גוטען לעבען אויף אַ פאַרם.

איהם האָט די לופט געראַטעוועט, ממש אריינגעגעבען אַ נייע נשמה. איצט איז ער גאָר אַן אַנדער מענש. וואָס מאָגען, ווען מאָגען. עסט ווי אַ גוי און אַלץ פּאַלובעט איהם. הײנט דער פאַרגעניגען פון די לאָנקעס, בערג

און טאָלען. געהט אַרויס פאַרטאָג אויפ׳ן וועג. עס איז אַ חיות אַפילו איצט, ווינטער. ס׳פאַלט אַ שניי און מען פיהלט ווי פודען געזונט קומען צו. די ברוסט ווערט עפּעס ברייטער, אָטעמסט טיעפער, היינט ווען דער זומער קומט, געה דערצעהל זיי ווי די קליינינקע בלויע און אַלערליי אַנדערע פויגלען צווויטשערן פאַרטאָג.

שאַפּיראָ האָט געערדט אַ סך, געלויבט זיין פאַרם און דעם געגענד, און אַז די ערד אַרום איז פעט, און ווען מען ליגט נאָך אַריין אין זיינע „ביזנעס" אַ פּאָר טויזענד דאָלער, קען מען דאָ ניט ווייט מאַכען אַ „לעיק" און דאַן יועט זיין פּלאַץ זיין דער שעהנסטער אין די קעטסקיל בערג.

קיילין האָט איהם געהערט און געשוויגען. ער האָט בעטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען שאַפּיראָ געהט פלוצים ערגעץ אַוועק און ער בלייבט דאָ אַליין אין הויז מיט לאַה׳ן. זי קוקט אויף איהם אַזוי האַרציג. ער וואָלט איהר אָוועקגעזעצט לעבען זיך, דערצעהלט איהר ווי אַזוי ער ליידעט און איז קראַנק די גאַנצע צייט, און אַז זי זאָל האָבען מיטלייד מיט איהם, און זאָגען אין דער שטיל אַ סך גוטע ווערטער. די אַרומיגע שטילקייט פון די בערג האָט אויף איהם מאָדנע געווירקט, געמאַכט טרויעריג און דערמאָנט, אַז באַלד, באַלד ועט ער אפשר שטאַרבען, שטיל אויסגעהן אין אַ פאַרנאַכט, ווי אַ ליכט ערגעץ אין מורא׳דיג גרויסען טומעלדיגען ניו יאָרק, אין אַ האַלב־פינס־טערער וואוינונג, און זיין דיקע קאַסאָקע פרוי וועט מאַכען געוואַלדען, שרייען און וויינען און די אַרומיגע ווייבער וועלען קרעכצען, טרייסטען און לייגען איהם קאַלטע קאָמפּרעסען צום האַרץ.

— איהר הערט, קיילין, איך דאַרף האָבען אַ שותף מיט געלט, — האָט פּאָרטגעזעצט שאַפּיראָ — ממש אוצרות ליגען דאָ אין דער ערד.

לאה האָט זיך גערדרעהט אַרום אויוועו, צוגענומעו פון טיש און געוואָרפען אומרוהיגע בליקען אויף איהר מאַן, ער זאָל מיט זיין פּלאַפּלען ניט איבער־פיהרען די גאַנצע זאַך, וואָס זי האָט פאַרקלעהרט.

— דער אָנקעל מוז זיין מיעד פון וועג, — האָט זי געזאָגט, — איהר וועט שפּעטער רעדען וועגען „ביזנעס“. לאָז ער זיך בעסער צולעגען אביסעל.

שטיל און אמבאַמערקט איז אונטערגעקומען דער בין־השמשות. הינטער די פּאַרשנייטע בערג האָט זיך געזעצט די רויטע קאַלטע זון און אַ ליכטיגע ראָזעווע רוהיגקייט האָט זיך צעגאָסען איבער דער גאַנצער וועלט. די פרוי האָט אָנגעצונדען ליכט אין קיך און איז אַרוים אין שטאַל מעלקען די קיה. שאַפּירא, מיט אַ לאַמטערן אין האַנט, איז איהר נאָכגעגאַנגען. שטיל האָט זיך אַריינגעשאַרט אין הויז דער אַלטער הונט פרינץ הינקענדיג אויף זיין צובראָכענע לאַפּע. ער האָט אַרומגעשמעקט דעם גאַסט, אַ לעק געטהאָן זיין האַנט און זיך אויסגעצויגען ביי זיינע פיס. קיילין האָט זיך איינגעבויגען, אַ גלעט געטהאָן דעם הונט איבער׳ן קאָפּ און געזאָגט ווי צו זיך:

— אָן אַלטער קראַנקער הונט . . . — און צום ערשטען מאָל פאַר אַ סך יאָהרען האָט ער דערפיהלט אַ רחמנות צו אַ פיער פיסיגע חיה, וועלכע ער פלעגט פריהער קיינמאָל ניט באַמערקען דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען פון טיש און איז אַריין אין צווייטען חדר. דער הונט איז איהם נאָכגעגאַנגען.

די הויז איז ניט קיין שלעכטע, — האָט ער געטראַכט, אַרומטאַפּענדיג די ווענט, — גרויסע צימערען און ליכטיגע פענסטער, אָבער וואָס פאַר אַ פּרייז וועלען זיי וועלען פאַר איהר ?

נאָר וואָס קען ער טהאָן ? ער מוז ראַטעווען זיין לעבען. אַזוי קען ווייטער ניט געהן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אַלע שווערע ליידען, וועלכע

ער האָט איבערגעלעבט די לעצטע צייט און האָט אויפגעציערט פון שרעק. ער האָט זיך ווידער דערזעהן אין זיין הויזען־פאַבריק, ווי ער איז אומגעפאַלען ביים מאַשין און מען האָט איהם אַ האַלב טויטען געבראַכט אהיים. עס האָט אַ קלונג געטהאָן אין זיינע אויערען די קולות פון זיין פרוי, אַז מען האָט איהם דער׳הרג׳עט און זי קען שוין מעהר ניט לעבען. און דערנאָך די מאַטערנישען ביים גרויסען דאָקטאָר אין צימער, וועלכער האָט זיינע אייגענע אַזוי אָנגעשראָקען, אַז זיין אַלטע מאַמע האָט געפאַסט אַ גאַנצען טאָג, געוויינט און געבעטען גאָט פאַר איהר זוהן אַ רפואה שלימה. און דער גרויסער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער מוז אַנטלויפען פון שטאָדט און לעבען ערגעץ אין די בערג רוהיג און אָהן זאָרג. און דער אייביגער זשומען אין קאָפּ, ווי אַ טמאַיע ביהנען וואָלטען, זיך אַריינגעריסען אין זיין מח און קענען ניט אַרויס און דער חלום אין מיטען טאָג, ווען מען האָט איהם געבראַכט פון דאָקטאָר און ער איז אויף אַ ווייל אַ מיעדער איינגעשלאָפען. ער האָט נאָך אַ״ץ געזעהן פאַר זיינע אויגען דעם טונקעל רויטען, מוטנעם וואַסער אויפ׳ן וועג און ווי ער איז פאַרזונקען געוואָרען פלוצים ביז׳ן האַלז, זיך געוואָלט ראַטעווען און קיינער איז ניט געקומען צו הילף.

אין אָוונט, נאָך וועטשערע, איז מען געזעסען ביים אויווען און זיך גע־וואַרעמט. לאַה האָט מיט אַ הארציגען טאָן פאַנאַנדערגעפרעגט דעם אָנקעל, ווען ער איז קראַנק געוואָרען און וואָס האָבען געזאָגט די דאָקטוירים ? איהר קול האָט געקלונגען לאַסטשענד און ווייך. שאַפּיראָ פלעגט אַלע ווילע אַריין און אַרויס מיט דער לאַמטערנע אין האַנט. קיילינ׳ען איז געווען שווער צו שווייגען און ער האָט דערצעהלט וועגען זיך. עס האָט זיך אַרויסגעריסען דער אין הארצען טיעף פאַרבאָרגענער פאַרדרוס, אַז זיינע בעסטע יאָהרען האָט

ער זיך געמאַטערט און געליטען פון נויט, און איצט, ווען ער איז רייך געוואָרען, איז געקומען די שווערע קראַנקהייט. טרויעריגע עראינערונגען האָבען זיך פאַנאַנדערגעוויקעלט און געשריען מיט זייער שוואַרצען אומעט און ער איז געשטאַנען אַליין, געקעמפט מיט די אַלע אומגליקען און מיט אַלע כחות געשטרעבט צו פאַרדינען וואָס מעהר געלט.

עס איז שוין געווען שפּעט, ווען דער פייער אין אויווען איז אויסגעגאַנגען. לאה האָט אריינגעפיהרט דעם גאַסט אין אַ גרויסען צימער מיט דריי פענסטער, באמאָהלט מיט פאַנטאַסטישע קווייטען פון פראָסט. ארויסגעהענדיג האָט זי געזאָגט, אַז באַלד וועט זי איהם ברענגען נאָך אַ פּאָר קאָלדרעס, ווייל די נעכט זיינען דאָ זעהר קאַלטע. קיילין האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דער גרויסער הילצערנער בעט און זיך פאַרטראַכט. איהם האָט איצט פאַרדראָסען פאַרוואָס ער איז געווען אַזוי אָפענהערציג מיט לאה'ן און איהר דערצעהלט, אַז ער האָט געלט און האָט די לעצטע צוויי יאָהר געמאַכט מעהר ווי צעהן טויזענד דאָלער. פּלוצים האָט ער זיך גענומען צוהערען. אונטען אין קיך האָט מען וועגען עפּעס זיך געשעפּטשעט און ס'האָט זיך דערטראָגען שאַפּיראָ'ס קול, נאָר וועגען וואָס מען האָט גערעדט, האָט ער ניט געקענט הערען. אין קאָפּ האָט איהם אָנגעהויבען צו זשומען, און ווידער האָט ער דערפיהלט אַ לייכטען פיבער אין גאַנצען קערפּער. לאה האָט זיך אומגעקעהרט, געמאַכט די בעט און געזאָגט, אַז מאָרגען וועט זי איהם ווייזען זייער פאַרם מיט די קיה און פערד. קיילין האָט געקוקט אויף איהרע באַוועגונגען, ווי זי בייגט לייכט איהר יונגען קערפּער און איז אַזוי מוטערליך ליעב און געזונט און איהם איז געווען זעהר אומעטיג.

אין טיר איז זי געבליבען אַ מינוט שטעהן און געזאָגט:

— אַ גוטע נאַכט.

קיילין האָט איהר געענטפערט מיט אַ טרויעריגען גוטען שמייכעל אויף די ליפּען:

— אַ גוטע נאַכט, לאה.

ער האָט פאַרלאָשען די עלעקטרישע ליכט און זיך געלייגט אין בעט. באַלד איז ער ווידער געווען אין שטאָדט, געקומען צו דער אַרבייט אין זיין פאַבריק. ער פיהלט עפּעס שלעכט. די קניה ברעכען איהם. ער געהט צו צום אָפענעם פענסטער און אָטעמט איין די נאַסע אָסיען לופט. דער ווינט גיט איהם אַ וואָרף אין פּנים אַ פּאָר טראָפּענס רעגען. ער שטעהט אַ ווייל און וויל זיך ניט אומקעהרען צו דער אַרבייט און מיט אַמאָל נעמט די פּאָדלאָגע זיך וויגען אונטער זיינע פיס און ער פאַלט אום און מען טראָגט איהם אַוועק אין האַלב־טונקעלען צימער צום גרויסען דאָקטאָר, וואו עס זיצען און וואַרטען אין די ווינקלען דריי הויכע און דאַרע ווי סקלעטען מענער און לעבען זיי שלאָפט אַ דיקע פרוי אין שוואַרצען. און זיין מאַמע שטעהט לעבען אהם און וויינט . . .

.2

ווען קיילין האָט זיך אויפגעכאַפּט זיינען שוין די פאַנטאַסטישע קווייטען אויף די פאַרפראָרענע שויבען באַפאַרבט געווען אין אַלערליי קאָלירען פון דער אויפגעהענדער זון. די ערשטע רגע האָט איהם געוואונדערט, וואָס ער איז אַליין און אַרום איז אַזוי שטיל. זיין פרוי ליגט ניט לעבען איהם און אָטעמט שווער און די קינדער שלאָגען זיך ניט אין צווייטען חדר און ער דאַרף ניט לויפען אין פאַבריק און אין קאָפּ זשומעט ניט אַזוי שרעקליך ווי פריהער. און אונטען אין קיך הערען זיך די טריט פון דער פרוי, וועלכע וועקט אין איהם אַזוי פיעל

האָפנונג אויף בעסערע טעג. זי מוז איצט צוגרייטען פאַר איהם פרישטיק און באַלד וועט זי צוקומען צו זיין טיר און איהם אַ רוף טהאָן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגען און איז געלעגען און געוואַרט.

אַביסעל שפּעטער, ווען קיילין איז אַראָפּ אונטען, האָט איהם לאה דערצעהלט, אַז איהר מאַן איז נאָך גאַנץ פריה אַוועקגעפאָהרען אין שטעדטעל, וואָס ליגט דאָ ניט ווייט אין טאָל. מען האָט איהם איבערגעגעבען, אַז אימיצער איז עפּעס געקומען פון ניו יאָרק און וויל קויפען זייער פאַרם און אַז זיי זיינען שוין פון לאַנג גרייט צו פאַרקויפען אַלץ, ווען מען וועט זיי געבען אַ גוטען פּרייז.

און דערנאָך האָט זי איהם געפרעגט, ווי ער פיהלט און צו האָט ער גוט געשלאָפען. זי האָט די גאַנצע נאַכט אַן אויג ניט צוגעמאַכט און געטראַכט און געטראַכט. אַזעלכע מאָדנע געדאַנקען. זי וועט איהם אַמאָל דערצעהלען וועגען דעם, און ווידער, אַז אויב מען וועט זיי געבען דעם ריכטיגען פּרייז, וועלען זיי די פאַרם פאַרקויפען.

קיילין האָט באַמערקט, אַז ער האָט אויך אין זינען קויפען אַ הויז אין די בערג, נאָר וועגען דעם וועט מען נאָך שמועסען, ווען שאַפּיראָ וועט זיך אומקעהרען פון שטעדטעל.

ער האָט געטראַכט, אַז מען דאַרף האַנדלען פאָרזיכטיג, אפילו מיט אייגענע, און אויב עס וועט זיין מעגליך מאַכען אַז לאה זאָל פאַרבלייבען ערגעץ דאָ נאָהענט לעבען איהם, ווייל זי האָט געקענט ברענגען פיעל פרייד זיינע אומעטיגע טעג, ווען ער וועט זי אפּט זעהן הערען איהר קול. עס וועלען קומען לאַנגע, פינסטערע, ווינטערדיגע אָווענטען, ער וועט זיין קראַנק און צובראָכען, וועט זי אפשר זיצען אין זיין הויז מיט איהם ביי איין טיש. שטיל

עפּעס נייהען און רוהיג דערצעלען אַלערליי זאַכען וואָס זי האָט אַמאָל געהערט און און וויים פון איצט.

ער האָט געפרעגט ביי לאה'ן, וואָס קלעהרען זיי טהאָן, ווען די פאַרם ויעט זיין פאַרקויפט. זי האָט זיך אויף אַ ווייլע פאַרטראַכט, אַ זשמורע געטהאָן מיט די שוואַרצע אויגען איהרע און געענטפערט, אַז שאַפּיראָ וויל שוין פון לאַנג עפּענען אַ גרויסע קלייט אין שטעדטעל. ער איז זעהר אַן אומרוהיגער, איהר מאַן. זוכט אַלץ נייע געשעפטען און קען אַ טאָג ניט בלייבען שטיל. זי, פאַרקעהרט, האָט ליעב דעם פאַרמער לעבען, ווייל נאָך אַלס קינד פלעגט זי אָפּט גאַנצע זומערען פאַרברייינגען ביי איהר מאַמע'ן אין אַ רוסישען דאָרף און געהן מיט די שיקסעס אין פעלד אַרבייטען.

זי האָט איהם דערלאַנגט פרישטיק און זיך צורעדט, דערצעהלט, ווי אַזוי זיי זיינען געקומען אַהער אין די בערג אָהן געלט און שאַפּיראָ איז געוועזן זעהר קראַנק. זי האָט צוערשט אַ זומער שווער געאַרבייט אין אַ „באָרדינג הויז" און דערנאָך אַ גאַנצען ווינטער געוואוינט אין אַ פּוסטען האָטעל און געליטען פון קעלט און נויט און ערשט מיט דריי יאָהר צוריק האָבען זיי זיך דערשלאָגען צו עפּעס און געוואָרען אַליין באַלעבאַטים.

ווענען די מענשען, וואָס האָבען זיי, לויט איהר מיינונג, געשטערט זיך אַרויפצואַרבייטען, האָט זי גערעדט מיט אַ ביטערקייט און כעס און איהר פּנים האָט זיך צופלאַמט פון אויפרעגונג. קיילין האָט אויף איהר געקוקט און געטראַכט אַז די פרוי קען האַסען און מוז האָבען אַן איינגעשפּאַרטען כאַראַקטער. זי האָט עס צום סוף דערפיהלט און מיט אַ מילדען טאָן גענומען איהם ווידער פרעגען, ווי קלערט ער פאַרברייינגען דעם טאָג און אפשר וועלען זיי פאַרנאַכט אַלע אַביסעל אַרויספאָהרען מיט'ן שליטען.

מיטאָג־צייט האָט זיך שאַפּיראָ אומגעקערט פון שטעדטעל מיט נאָך אַ מאַן, אַ הויכען, אַ דאַרען, אין גאָלדענע שפּאַקולען. דאָס איז געווען דער איד, וואָס האָט געזאָלט קויפען די פאַרם. ער האָט זיך געהאַלטען מאָדנע און גערעדט ווייניג, איז אַלץ אַרומגעגאַנגען איבער די צימערען און זיי באַטראַכט און אין דער צייט איז שאַפּיראָ ניט אָפּגעטראָטען פון קיילין'ען און געהאַלטען איהם אין איין ערקלערען, אַז ווען מען קויפט אַ פאַרם דורך די אַגענטען, ווערט מען פשוט אומגליקליך, ווייל אַלע זיינען זיי דאָ רוצחים און דער מאַן, וואָס איז געקומען צו איהם, ווייס עס, און דערביי האָט שאַפּיראָ פאַרבייגעהענדיג באַמערקט, אַז איהם, קיילין'ען, וואָלט ער די פאַרם פאַרקויפט פאַר די זעלבע געלט, וואָס זי האָט איהם געקאָסט, כאָטש ער האָט אַריינגעפיהרט וואַסער אין הויז און נאָך פיעלע זאַכען אויסגעבעסערט.

און לאה שמייכלענדיג צו קיילין'ען האָט אויך געזאָגט, אַז זי וואָלט געווען גליקליך ווען די פאַרם פאַלט אַריין אין אייגענע הענט.

נאָך מיטאָג איז געקומען שאַפּיראָ'ס אַרבייטער, אַ הויכער, שטאַרקער גוי מיט אַ אידיאָטישען אויסדרוק אויפ'ן רויטען פּנים און גרויסע גראָבע ליפּען, אויף וועלכע עס האָט שטענדיג געטאַנצט די נאַרישקייט. מען איז אַרויס באַקוקען די פאַרם.

אין דרויסען איז געשטאַנען אַ טרוקענער פראָסט. דער שניי, באַשפּריצט ווי מיט דימאַנטען, האָט געפינקעלט אַקעגען דער זון. די לופט איז געווען ווי אָנגעפילט מיט ווייטע קלינגענדע טענער. שאַפּיראָ מיט'ן גוי זיינען געגאַנגען פאָראויס; קיילין, לאה און דער מאַן אין די שפּאַקולען — נאָך זיי. קיילין האָט געקוקט אויף שאַפּיראָ'ס אומרוהיגע באַוועגונגען און געטראַכט, אַז ער האָט ניט גענוג אויסגעהאַלטענקייט, איז ניט געלאַסען און וועט דעם מאַן

די פארם ניט פארקויפען. יענער איז זעהר רוהיג און באטראכט אלץ מיט זיינע קאלטע בייזע בליקען.

מען איז צו צום שטאל. דער גוי האט געעפענט די טיהרען און ארויס־געפיהרט א פאר ווייסע פערד מיט גראבע באוואקסענע שמוציגע פיס. איינער איז געווען נאך א יונגער, נאר מיט א בלינדע בעלמע אויפ'ן אויג. דער צווייטער אן אלטער, אן אויסגעדארטער מיט א גרויסער וואונד אויפ'ן בויך.

— „העי באיעס־“ — האט שאפירא א זאג געטהאן און גענומען גלעטען דעם פערד מיט דער בלינדער בעלמע־אויג. — א פאר אדלערס. איהר האט ניט געזעהן, מיסטער, — האט ער זיך געווענדעט צום מאן אין די שפאקולען, — ווי זיי לויפען מיט א פולען וואגען בארג ארויף, פשוט א פארגעניגען צו קוקען, פלינק אזוי ווי א ווינט.

דערנאך האט מען ארומגעקוקט די קיה, איינער פון זיי האבען אין פריי־לינג זיך געדארפט קעלבען, האט אויפמערקזאם געמאכט שאפירא, און מען איז אוועק צום שייער און „טשיקען־קופ“, וואו עס האבען זיך געפונען א פאר הונדערט היהנער פון אלערליי קאלירען: ווייסע, ברוינע, שווארצע און פון שטויב־קאליר מיט טונקעלע פינטעלאך. אביסעל שפעטער איז מען ארויס פון טויער זעהן דעם באדען ארום. שאפירא האט נאך אלץ גערעדט וועגען די היינער און דערוויזען, אז פון זיי אליין קען מען מאכען א גוטען לעבען. דער וועג איז געגאנגען אויף אראפ. פון איין זייט בארג ארויף האט זיך געצויגען א פרייער פלאץ, וואו מען האט פארזעעט אלע יאהר האבער, און פון דער אנדער זייט ביי דער הויז האט זיך געצויגען א זעהר גרויסע פלאכע גרוב, דא און דארט פארוואקסען מיט קליינע יונגע בוימלאך און געדיכטע קוסטעס.

שאַפּירא האָט ערקלערט, אַז דאָס איז אַ קוואַל, אַ „ספּרינג“ און דאָ פּאַשען זיך זיינע קיה אַ גאַנצען זומער און אָסיען, ווייל די גראָזען און בלומען וואַקסען דאָ הויך און זיינען זאַפטיג און געשמאַק. און דאָרטען, ווייטער אַביסעל, איז אַ טייכעל און כל מיני פישען געפינען זיך אין איהם, אַזוי ווי אין אַ ים. מיט איין וואָרט, גאָט׳ס ברכה איז אַרום און אַלץ וואַקסט און בליהט און פאַרכאַפּט דאָס אויג.

לאה האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, נאָר אַריינגעוואָרפען אַ פּאָר ווערטער, ווען שאַפּירא פלעגט עפּעס פאַרגעסען. זי האָט זיך געהאַלטען לעבען אַנקעל און אַלע ווײלע געשאָנקען איהם אַ ליעבען שמייכעל. און קיילין האָט אין האַרצען שוין געהאַט בשלאָסען צו קויפען די פאַרם. ער האָט געוואַרט וואָס וועט זאָגען דער מאַן אין די גאָלדענע שפּאַקולען און וואָס פאַר אַ פּרייז ער וועט פאַרלייגען. נאָר יענער האָט אַלץ רוהיג אויסגעהערט און צו ענדע הויך געזאָגט צו שאַפּירא׳ן, אַז אַ בעסערען פּלאַץ פאַר זיך האָט ער גאָרניט געזוכט. די פאַרם ליגט וואונדערבאַר שעהן און נאָך די טעג וועט ער קומען אַהער מיט זיין פרוי און דאַן וועלען זיי די זאַך פאַרענדיגען.

— אָל ראַיט, אָל ראַיט, איהר וועט דאָ רייך ווערען, — האָט אונטערגעכאַפּט שאַפּירא, — איך זעה, אַז איהר פאַרשטעהט אין די ביזנעס.

זיי האָבען זיך אַריינגעזעצט אין שליטען און אוועקגעפאָהרען צוריק אין שטעדטעל אַריין וואָס ליגט אין טאָל.

קיילין מיט לאה׳ן האָבען זך אומגעקערט אין הויז.

— ער וועט היינט אַזוי פריה ניט קומען אַהיים, — האָט זי אַ שעפּטשע געטהאָן ווי צו זיך, און געוואָרפען אַ לאַנגען און מאָדנעם בליק אויף קיילין׳ען.

דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— אַנקעל, איהר ווילט זיך אפשר צולייגען. איהר זעהט אויס צו זיין אזוי מיעד.

קיילין איז אַריין אין צווייטען צימער און זיך צוגעשפּאַרט אויף אַ וויי־בער קאַנאַפּע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל. לאה האָט איהם געבראַכט אַ קישען, אונטערגעלייגט אונטער'ן קאָפּ און איז שטיל אַרויס, לאָזענדיג די טיר האַלב־אָפּען.

קיילין האָט צוגעמאַכט די אויגען און געוואָלט איינשלאָפען, נאָר אין קאָפּ זיינען אַנגעלאָפען אומרוהיגע געדאַנקען. וואָס זאָל ער איצט טהאָן: קויפען די פאַרם אָדער ניט? און פאַרוואָס פאַרלאָזען זיי די הויז, אויב מען קען דאָ מאַכען אַלערליי גוטע געשעפטען. נאָר לאה וועט דאָך איהם ניט אָפּ־נאַרען. זי איז אַזוי האַרציג צו איהם. און אפשר פאַרדריסט איהר טאַקע וואָס זי איז דאָן אַזוי קאַלט געוועזן צו איהם.

וואָלט ער איצט געזונט געוועזן, וואָלט ער ניט געשטיקט זיינע געפיהלען צו איהר. אָט הערט ער, ווי זי געהט אַרום איבער'ן קיך און זינגט עפּעס אַ ווייטע און נאָהענטע ליעד, וועלכע ער האָט נאָך געהערט אַלס קינד, ווען זיין מאַמע פלעגט איהם לייגען שלאָפען אין די ווינטערדיגע אָווענטען, דאָרט אין דער אַלטער היים. און איצט ווידערהאָלט עס לאה מיט'ן זעלבען טאָן און אומעט. ער הערט די ווערטער: .....

„צווישען אונזביידען רוישט אַ גרויסער טייך
עס רוישט און קען ניט בלייבען שטעהן."

איהרע טריט זיינען ווייכע, ווי זי וואָלט אַרומגעגאַנגען אין אַ ווייטען צימער, אין דער הויך, עפּעס געזוכט און שטיל געזונגען. און קיילין טראַכט: פריהער, ווען זי איז אַ מיידעל געוועזן, פלעגט זי אַ מינוט ניט איינזיצען אין

הויז, און ער, אַן אַלמן, פלעגט אַלע אָוועגט וואַרטען אויף איהר און איצט איז זי אַ גוטע מוטער און אַ באַלעבאָסטע. נאָר צו וואָס ווילען זיי פאַר־קויפען די פאַרם? ער וועט נאָך אַליז גוט באַטראַכטען. ער וועט זעהן. און ער ליגט אַזוי אין אַ האַלבען־שלאָף מיט פאַרמאַכטע אויגען און איהם איז מאָדנע גוט. ער האָט שוין לאַנג אַזוי ניט גערוהט. אין קאָפּ זשומעט ניט און אַרום און איז שטיל און אין דרויסען ציהען זיך פעלדער און בערג ווייסע פון שניי און די מורא'דיג גרויסע טומעלדיגע שטאָדט איז אַזוי ווייט פון דאַנען.

ווען קיילין האָט זיך אויפגעכאַפּט איז אין צימער געווען פינסטער, נאָר אַ פּאַס ליכט האָט זיך אַריינגעריסען פון דער אַביסעל אָפענער טיר פון קיך. הינטער די פענסטער האָט אימיצער געוויינט און זיך פאַרגאַנגען אין וועה. דאָס האָט זיך אין דרויסען אָנגעהויבען אַ שניי־זאַווערוכע, וואָס איז אָנגע־לאָפען מיט אַמאָל פאַרנאַכט. קיילין איז אויפגעשטאַנען און אַריין אין קיך. לאה איז געזעסען ביים טיש און עפּעס גענייהט. איהר פנים האָט אויסגע־קוקט דערשראָקען און אומעטיג.

זי האָט צו איהם בלאָס אַ שמייכעל געטהאָן און געזאָגט:

— ווידער אַ זאַווערוכע. דאָס איז שוין די צווייטע די וואָך, און איך האָב אַביסעל מורא פאַר'ן ווינט. איך זיץ און וואַרט אויף מיין מאַן. ווער ווייסט צי ער וועט זיך קענען אומקעהרען אין אַזאַ וועטער. איהר הערט וואָס עס טהוט זיך אין דרויסען?

זי האָט עס אַרויסגערעדט ווי אַ קליין מיידעלע וואָס ציטערט פאַר שרעק.

קיילין האָט זיך געזעצט לעבען לאה'ן. דערביי האָט איהר קליין מיידעלע זיך געשפּילט מיט אַ שוואַרצע קאַץ מיט ברענענדע גרינע אויגען. ער האָט

עפעס באמערקט ־עם קינד און געזאגט לאה'ן, אז ער האט זיך גוט אויסגערוהט, גאנצע פיער שעה, און וועט שוין די נאכט ניט קענען איינשלאפען. זי האט איהם ווידער דערמאנט, אז שאפירא וועט אפנים ניט קומען נעכטיגען. די פאר ווערטער האבען ערוועקט אין איהם א פארבאהאלטענע פרייד און א אומרוהיגען תאוה־געפיהל. ער האט זיך פארגעשטעלט ווי שאפירא פאהרט צוריק, האט פארלארען דעם וועג, די פערד זיינען אריין אין א גרוב און געבליבען שטעהן און די זאווערוכע טראגט אן קופעס שניי און פארשיט איהם און אין דער פריה געפינט מען איהם א פארפרארענעם.

קיילין האט אויפגעציטערט און דערנאך א פאר מינוט פארטראכט געקוקט ווי זי זיצט מיט אראפגעלאזענע אויגען, רעדט עפעס צום קינד און נייהט.

---

שפעט אין אווענט, ווען די מיידעלע איז שוין פון לאנג געשלאפען, אלע טיהרען און לאדענס זיינען געווען פארמאכט און קיילין מיט לאה'ן זיינען געזעסען ביים אויווען, האט זיך די זאווערוכע צושפילט מיט אזא געיאמער און געוויין, ווי ערגעץ אין ווייטען מזרח וואלט פלוצים געשטארבען א מלך און טויזענטער קלאגערקעס וואלטען זיך צוזאמענגעקליבען ארום זיין פאלאץ און גענומען איהם באוויינען און געדרעהט מיט רויטע טיכלאך פאר די אויגען און פארגאנגען אין וועה און אומעט. לאה איז געווען אומרוהיג וואס איהר מאן האט זיך אזוי שפעט נאכניט אומגעקערט אהיים, כאטש די שטעדטעל איז געלעגען ניט ווייט פון פארם. אלע ווייל׳ע פלעגט זי זיך מיט אמאל נעהמען צוהערען צום געוויין פון ווינט און זאגען, אז איהר דאכט זיך אימיצער פארט און דאס מוז זיין שאפירא. זי הערט ווי גלעקלאך קלינגען און גע־

שרייען דערטראָגען זיך צו איהר. און דערנאָך אומבאַמערקט זיך ווידער טוליען צום אָנקעל און דערצעהלען וועגען איהר לעבען: מיט שאַפּיראָ'ן פּיהלט זי זיך עפּעס איינזאַם און ווי פאַרלאָזען און וויים אליין ניט פאַרוואָס, ווי די טעג איהרע וואָלטען געווען שווערע און פאַרצאַרנטע און אָהן אַ טראָפּען גליק.

קיילין האָט איהר געוואָלט טרייסטען, נאָר האָט ניט געהאַט קיין ווערטער און איהם איז שווער געווען צו ריידען, ווי טרערען וואָלטען איהם געשטיקט אין האַלז. און לאָה איז אומבאַמערקט ווידער אַריבער וועגען די פּאַרם. זי האָט אויסגעדריקט אַ פאַרדרוס פאַרוואָס איז ער פריהער ניט געקומען אַהער, ער וואָלט שוין פון לאַנג געזונט געוואָרען. נאָר זאָל ער איצט אָפּקויפען די פאַרם און זי וועט בלייבען דאָ אין דער קליינער הייזקע, וואָס שטעהט לעבען אַלטען בוים און עס וועט זיין אַלעמען פרעהליכער. און ווידער פלעגט זי זיך איינהערען און זאָגען אַז זי הערט אַ קלאַנג פון גלעקלאַך און דאָס מוז פאָהרען איהר מאַן.

קיילין פלעגט זיך אויך ניט ווילענדיג נעהמען צוהערען און פון זשומען אין קאָפּ ניט קענען פאַרשטעהן וואָס דאָ קומט פאָר. מינוטען־ווייז פלעגט ער זיך דערמאָנען, אַז אין ניו יאָרק האָט ער אַ דיקע קאַסאָקע פרוי מיט אַ קראַנקער האַרץ. זיין הויזען פאַבריק האָט ער נאָך ניט פאַרקויפט און זיין לייבליכער ברודער סטאַרעט עס זיך ביי איהם אַרויסצורייסען פאַר גאָרנישט, און זיין עלטערער זוהן וואַקסט אַ הולטיי און וועט ענדליך ווערען אַ פאַר־ברעכער, און ער איז געקומען אַהער אָנהויבען אַ נייעם לעבען און ווערען אַ פאַרמער, האָט ער ווידער געטראָפען לאה'ן; און איצט רעדט זי צו איהם אַזוי פריינדליך.

— לאה, — האָט ער ענדליך שווער אַרויסגערעדט און צוזאַמענגעדריקט

דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, — עס וועט זיין אַזוי ווי דו ווילסט, איך קויף אָפּ די פאַרם, אָבער זעה דיין מאַן זאָל מיך ניט אָפּנאַרען. איך האָב שווער געאַרבייט אויף מיין געלט. יאָהרען לאַנג האָב איך פון קיין רוה ניט גע־וואוסט. אַזוי ווי אַ קאַטאָרזשניק, און אַלע ווייַלע פלעגט קומען אַ נייע צרה. דאָ איז די ווייב געשטאָרבען, דאָ אַ קינד דאָ פלעג איך בלייבען אָהן אַרבייט און זוכען אַ נייעם פּלאַץ. וואָס האָב איך שוין ניט געטהאָן אין מיין לעבען: געווען אַ קצב, פאַרקויפט קויהלען און פאַרשוואַרצט געוואָרען, געמאַכט קעז, געפּעדעלט, אַ קאָנדוקטאָר אויף אַ טריין. אַלץ, אַלץ, כל עבודת פרך אַבי צו מאַכען אַ לעבען און אַרויסדראַפּענען זיך פון נויט. איצט בין איך אויך קראַנק און מוז בלייבען אין די בערג. דער גוטער יאָהר ווייסט זיי, די דאָקטוירים. איינער זאָגט: עפּעס אויפ'ן לעבער; דער אַנדערער — די די נערוועז. נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, איך דאַרף האָבען רוה. הערסט לאה, איך קויף די פאַרם.

לאה האָט אַרויפגעלייגט איהרע הענט אויף זיינע פּלייצעס. זי האָט צו איהם געשמייכעלט.

שפּעט ביינאַכט האָט דער שלאָפלאָזער קיילין געהערט ווי דער אַלטער פרינץ האָט זיך צעבילט און באַלד האָט אימיצער דריי מאָל אָנגעקלאַפּט אין פענסטער. דאָס איז געקומען שאַפּיראָ און לאה איז אַרויס איהם עפּענען די טיר. זי האָט פאַרוואונדערט און גליקליך עפּעס אויסגעשריען און דערנאָך איז געוואָרען שטיל און נאָר די זאַווערוכע האָט נאָך אַלץ געיאָמערט אין די בערג און דערמאָנט אָן טויזענדער קלאָגערקעס וועלכע האָבען זיך צוזאַמענ־געקליבען צו באַווייגען אַ מלך, וואָס איז פלוצים געשטאָרבען ערגעץ אין ווייטען מזרח.

## 3.

קיילין האָט אָפּגעקויפט שאַפּיראָ'ס פאַרם. ער האָט עס באַשלאָסען אין יענער נאַכט, ווען ער האָט אַן אויג נישט געקענט צומאַכען און אַלץ געטראַכט און געטראַכט וואָס צו טהאָן. ער האָט געפיהלט אַזאַ אומרוהיגקייט און די ליעבע פריינדליכע בליקען פון לאה'ן האָבען אָנגעפהלט זיין הארץ מיט עפּעס אַ זיסען געפיהל, און אַזוי איז ער געלעגען און אַלערליי געדאַנקען האָבען זיך געפּלאָנטערט אין זיין קאָפּ, וואָס פאַר אַ פרוי איז לאה? איז זי טאַקע אַזוי ליעב און פריינדליך צו איהם אויף אַן אמת? און וועט זי בלייבען וואוינען אין הייזקע ביים בוים. און זיין קראַנקע דיקע קאַסאַקע פרוי איז איהם געקומען אויפ'ן זינען . . .

די שניי זאַווערוכע האָט זיך שוין איינגעשטילט און די לבנה האָט אריינגעקוקט אין די פאַרפרוירענע פענסטער און באַזילבערט די פאַנטאַסטישע קוויטען אויף די שויבען. אויפן הויף האָט געקרעהט אַ האָן און ערשט ווען די ווינטער נאַכט האָט גענומען שטיל אויסגעהן, איז קיילין איינגעשלאָפען מיט אַ שווערען אומרוהיגען שלאָף.

לאה האָט איהם אינדערפריה באַגעגענט מיט אַ שמייכעל און שאַפּיראָ האָט גלייך אָנגעהויבען צו דערצעלען ווי דער שטורם האָט איס נעכטען ביינאַכט פאַרהאַלטען אין שטעדטעל און אַז דער מאַן וואָס איז געווען דאָ אָנזעהן די פאַרם, איז באַגייסטערט פון דעם פּלאַץ, און וועט דאָ בויען אַ נייעם גרויסען האָטעל און דערנאָך געבעטען אַנטשולדיגען, וואָס ער האָט אין מיטען דער נאַכט איהם געשטערט שלאָפען מיט זיין קלאַפּען אין פענסטער.

קיילין האָט זיך פאַרלוירען און געזאָגט:

— שאַפּירא, די פאַרם קויף איך ביי אייך אָפּ. צוליעב דעם בין איך טאַקע

געקומען אהער. מיר וועלען באלד זיך דורכשמועסען.

— הער א געשיכטע, — האט זיך ווי פארוואונדערט שאפירא, — איהר ווילט, פעטער, ווערען א פארמער?

ער האט גענומען רייבען די הענט און ארומגעהן איבער'ן צימער רעדענדיג צו זיך:

— מיר וועלען זיך דורכשמועסען. ווי דען? א קלייניגקייט אזא פארם. איהר וועט עס נאך אנקוקען.

מען האט א פאר שעה גערעדט וועגען פרייז: קיילין האט זיך שטארק געדונגען. לאה האט געטהאן איהר ארבייט ביים אויווען און געשוויגען. נאר פון צייט צו צייט, ווען קיילין פלעגט זיך אין פעם איינשפארען, פלעגט זי א ווארף טהאן אויף איהם איהר ליעבען בריינדליכען בליק, וואס האט איהם אזוי ליעב און וויך געלאשטשעט.

ווען מען איז ענדליך דורכגעקומען, האט זיך באוויזען דער גרויסער גוי אויף וועמעס פנים עס האט שטענדיג געטאנצט די נארישקייט און שאפירא האט איהם געהייסען איינשפאנען די פערד אין שליטען און מען איז געפאהרען אין שטעדטעל אריין צום לאיער אונטערשרייבען די נויטיגע פאפירען און די פערד זיינען געלאפען בארג אראפ פרעהליך פלאפלענדיג מיט די גלעקלאך, אז דער באלעבאס זייערער האט געמאכט א גוטען געשעפט און איז ענדליך פטור געווארען פון זיין פארם, וואס ליעגט אין א נידעריגען, נאסען פלאץ.

אין א וואך ארום האט זיך קיילין אומגעקעהרט אהיים. עס האט געדויערט אייניגע טעג ביז דער לאיער האט דורכגעקוקט אלע פאפירען און די פארם איז איבערגעגאנגען צו קיילין'ען. מעהר פון א העלפט געלט האט

ער איינגעצאָהלט אויפ'ן פּלאַץ. ווען ער האָט שאַפּיראָ'ן אונטערגעשריבען דעם טשעק אויף זעקס טויזענד דאָלער, האָבען ביי איהם געציטערט די הענט און אין קאָפּ האָט אַזוי געזשומעט, אַז ער האָט ניט געוואוסט וואָס עס טהוט זיך אַרום איהם. און ערשט שפּעטער אין וואַגאָן, פאָהרענדיג קיין ניו יאָרק, האָט ער זיך דערמאָנט ווי דער יונגער לאָיער האָט צו איהם זיס גערעדט און פאַרזיכערט, אַז ער איז פאַראינטערעסירט קיילין זאָל מאַכען אַ גוטען געשעפט, און שאַפּיראָ'ס עדות, צוויי אידען פון טאָהל, זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט און אַ מאָדנער שמייכעל האָט גערוהט אויף זייערע פּנים'ער. און ווי מען האָט דערנאָך פאַרבראַכט אַ גאַנצען אָוועגט ביים שוחט פון שטעדטעל, געטרונקען, גערעדט וועגען נייע „באָרדינג הייזער" און זייערע באַלבעאַטים, און וועגען דעם, אַז די שנאָה פון די אַרומיגע גוי'שע פאַרמער ווערט אַלץ שאַרפער צום אידען און אַז מען דאַרף זיי אַלעמען אַרויסשטופּען און אויפבויען גרויסע שוהלען און בתי מדרשים אויף די בערג. און איין פאַרמער, מיט אַ רויטער געדיכטער באָרד, האָט זיך צעזונגען מיט אַ נגון פון יום־כפּור, איז אַריין אין עקסטאַז און האָט געגעבען אַ נדר, אַז אויב דער קומענדער סיזאָן וועט זיין אַ גוטער, שענקט ער אַוועק אַ בהמה פאַר דער תלמוד תורה פון שטעדטעל.

אין ניו יאָרק איז קיילין'ען אויסגעקומען צו פאַרבלייבען איינינגע וואָכען ביז ער האָט זיך באַפרייט פון זיין הויזען־פאַבריק. פאַר דער צייט האָט ער געהאַט פיעל עגמת נפש און איז אָפּט גאַנצענע טעג געלעגען קראַנק. די פאַבריק האָט איבערגענומען זיין ברודער און האָט מיט איהם געהאַנדעלט ווי אַ פרעמדער, און זיי האָבען זיך צום סוף צוקריגט. דער עלטערער זוהן זיינער האָט זיך אַנטזאַגט צו פאָהרען אויפ'ן פאַרם און די איבעריגע צוויי קינדער

פלעגען זיך האַלטען אין איין קריעגען זיך און שילטען זיך מיט דער שטיף־מוטער און זי פלעגט כמעט אַלע טאָג פאַלען אין חלשות, אָדער וויינען דורך די נעכט, אַז זיינע קינדער באַליידיגען איהר און שלאָגען איהר און ער שווייגט. און דערצו דער שרעקליכער זשומען אין קאָפּ, דער טעמפּער קלאַנג אין די אויערען און די עראַינערונגען וועגען לאה׳ס פריינדליכען שמייכעל אין ליעבען בליק פלעגען איהם אָפּט פאַרפאָלגען.

אַ פּאָר טעג פאַר׳ן פאַרלאָזען די שטאָדט, שוין ענדע ווינטער, האָט ער ערהאַלטען אַ בריעף פון שאַפּיראָ׳ן: ער זאָל קומען וואָס גיכער, ווייל זיי האָבען געדונגען אַ גרויסע קלייט אין שטעדטעל און מוזען פאַרלאָזען די פאַרם. און פון לאהן איז קיין וואָרט ניט געווען.

קיילין האָט עטליכע מאָל איבערגעלייענט דעם בריעף, האָט פאַרביסען זיינע בלאַסע ליפּען און איז אַ ווײַלע געזעסען פאַרטראַכט, און אין האַרצען האָט ווידער אָנגעפאַנגען נאָגען, אַז ער האָט איבערגעצאָלט פאַר די פאַרם, און שאַפּיראָ האָט איהם אָפּגענאַרט. און צום ערשטען מאָל איז דורכגע־פלויגען אַ געדאַנק אין זיין מח, אַז לאה האָט פון דעם געוואוסט, און אַ פאַרדרוס און אַ וועהטאָג האָט צוזאַמענגעדריקט זיין האַרץ. ער האָט זיך אויפגעהויבען און שטיל געזאָגט צו זיין פרוי:

— אסתר, איבערמאָרגען פאָהרען מיר אַרויס און וועלען פאַרמער. און דו, טאָכטער מיינע, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין זעכצעהן יאָהריגער מייד־על, קלייב זיך אויך אין וועג אַריין. געוואוינ זיך צו לערנען, וועסט ווערען אַ פאַרמערקע און העלפען דער מאַמען מעלקען די קיה און פיהרען די באַלי־באַטישקייט.

מען האָט זיך גענומען פּאַקען און אין דער באַשטימטער שעה איז מען

ארויסגעפאָהרען פון ניו יאָרק. און ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין די בערג, איז געווען כמארגע און קאַלט. אויף דער סטאַנציע האָט זיי קיינער ניט באַגעגענט, כאָטש שאַפּיראָ האָט געוואוסט, אַז קיילין מיט זיין פאַמיליע דאַרף אין דער און דער צייט אָנקומען. זיי זיינען צוגעפאָהרען צום הויז. ביים טויער האָט פּרינץ געבילט און נאָך אַ קליין הינטעלע מיט אַ מאָדנעם קראַגּ־קען אויסזעהן האָט גענומען וואָיען און זיך אַ וואָרף געטהאָן די פערד אונטער די פיס.

אויפ'ן פאַרם, אַחוץ דעם גרויסען גוי וואָס פלעגט אַרבייטען ביי שאַפּיראָ'ן איז קיינער ניט געווען. ער האָט געטראָפען קיילינען מיט זיין נאַרישען שמייכעל און געזאָגט אַז דער באַלעבאָס דאַרף באַלד אָנקומען פון שטעדטעל. זיי געהען טהאָן גרויסע ביזנעס, און האָבען זיך שוין כמעט אַריבערגעקליבען אַהין אין זייער נייער וואָהנונג.

קיילין איז שווייגענדיג דער ערשטער אַריין אין הויז. אַ טונקעלער פאָר־געפיהל, אַז דאָ ערוואַרטען איהם נייע ליידען, האָט צוזאַמענגעדריקט זיין האַרץ. נאָר ער האָט זיך אַפילו ניט אָפּגערוהט פון וועג און גלייך אָנגעפאַנגען צו באַלעבאַטעווען און איבערשטעלען די זאַכען. פּרינץ האָט זיך געדרעהט אַרום איהם און געלעקט זיינע הענט.

דערנאָך זיינען אָנגעקומען שאַפּיראָ מיט לאה'ן. זי האָט אַלעמען אַרומ־גענומען און געקושט. קיילין האָט ווידער אַ טראַכט געטהאָן, אַז דאָס אַלץ איז פאַלשקייט. זי האָט האַרציג צו איהם גערעדט געפרעגט ווי ער פיהלט, און זיך אַנטשולדיגט, וואָס זי האָט ניט געקענט זיין ביים „סטיישאָן", ווייל איהר מיידעלע איז פלוצים קראַנק געוואָרען.

ער האָט איהר די גאַנצע צייט געוואָלט פרעגען, פאַרוואָס פאַרלאָזען זיי

אזוי גיך די פאָרם, נאָר אַלץ ניט געפונען קיין געלעגנהייט. און דערווייל איז דער אָווענט אונטערגעקומען און זיי האָבן געדאַרפט אוועקפאָהרען. לאה האָט צוגעזאָגט אז זיי וועלען אָפט קומען אהער די ערשטע צייט זיי ארויסצוהעלפען. קיילין האָט גאָרנישט געענטפערט און איז אַן אומעטיגער אַריין צוריק אין הויז.

ער האָט אָנגעצונדען אַ ליכט און איז אוועק איבער אַלע צימערען, אַריינגעקוקט אין די ווינקלען, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט, באַמערקט אַז די אָבאָיעס זיינען איבעראַל אַלטע און צוריסענע, די בעטען צובראָכענע און די סטעליע אין אַ סך פלעצער פאַררויכערט און פאַרפלעקט. דערנאָך איז ער אַריין אין דעם ווייטען זייטיגען חדר, וואו ער האָט געשלאָפען די ערשטע פּאָר נעכט. דאָרט איז כמעט אַלץ געבליבען ווי געווען. די זעלבע גרויסע הילצערנע בעט איז געשטאַנען אין ווינקעל די זעלבע בילדער אויף די ווענט: אידיליען פון דאָרפישען לעבען אין אַלטע ראַמען. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען און געטראַכט, דערנאָך אַ רוף געטהאָן זיין פרוי און איהר געזאָגט, האַלטענדיג די ברענענדע ליכט אין דער הויך, פון וואָס מאָדנע שאָטענס זיינען אַרומגעשפּרונגען איבער דער סטעליע:

— אסתר, איך וויל אַז דאָ זאָל זיין אונזער שלאָף־צימער.

— ווי דו ווילסט, — האָט אַ ברום געטהאָן די דיקע קראַנקע פרוי, און איז שווער אַרויס פון צימער.

זי האָט זיך געפיהלט אומהיימליך און פאַרוואָרפען אין דעם גרויסען פּוסטען הויז, און די אַרומיגע שטילקייט און פינסטערניש צו וועלכע זי איז נאָך ניט געווען צוגעוואָהנט, האָבען איהר געשראָקען מיט אַלערליי בייזע כחות, ווי אַ

קינד. נאָר זי האָט מורא געהאַט עפּעס צו זאָגען איהר מאַן, און האָט גע־שוויגען.

די ערשטע נאַכט האָט קיילין ניט צוגעמאַכט אַן אויג. ער האָט גענומען פאַרשטעהן, אַז מען האָט איהם אָפּגענאַרט און די פאַרם איז ווייט ניט ווערטה דעם פּרייז וואָס ער האָט פאַר איהר באַצאָהלט און מעהר פון אַלץ האָט איהם פאַרדראָסען, וואָס לאה האָט אַפּנים פון אַלץ געוואוסט און געשוויגען. ער האָט געקרעכצעט און זיך געדרעהט פון איין זייט אויף'ן צווייטען. און לעבען איהם איז געלעגען אסתר, ווי אַ שווערע מאַסע, מיט אַ בלוילינען פּנים און אַן אָפענעם מויל מיט גראָבע ליפּען און האָט שטאַרק געכראָפּעט.

ווי נאָר עס איז ליכטיג געוואָרען האָט ער אויפגעוועקט זיין אַכצעהן יאָריגען זוהן סעם, האָט אָנגעטהאָן גרויסע גומיגע שטיוועל, אַ וואַרימען פּעלצעל און ביידע זיינען אַרויס נאָך אַמאָל ארומקוקען די פאַרם. פּרינץ איז זיי נאָכגע־גאַנגען אונטערהינקענדיג אויף זיין צובראָכענע לאַפּע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און פאַרטרערטע אויגען.

קיילין האָט גערעדט צו זיין זוהן ווייך, מיט אַ בעטענעדען טאָן, און דער אינגעל, וועלכער איז תמיד געווען צוגעוואָהנט צו זידלערייען און שילטעריי, האָט מאָדנע אָנגעקוקט זיין פאָטער און געטראַכט: אַז ער מוז זיין זעהר קראַנק און וועט מוזען שטאַרבען.

— דאָס איז אַלץ דיינס, מיין קינד, — האָט זיך געהערט אין דער פריה־מאָרגען שטילקייט קיילין'ס קול — די הויז און די ערד אַרום און אַרום, ביז יענעם וועלדעל. זיי נאָר אַ מענש און העלף דעם טאַטען אַרויס. איך בין קראַנק, עס זשומעט מיר אַזוי אין קאָפּ, אַז איך ווער אַזש משוגע. דער דאָקטאָר האָט געהייסען קומער אַהער, אפשר וועל איך דאָ ווערען געזונט. אין פריהלינג וועט

אַלץ אויפבליהען ארום, די קיה וועלען זיך פּאַשען אין „ספּרינג" אַט דאָ אונ־טען. מיר וועלען פאַרזייען האָבער פאַר די פערד און אַלערליי גרינסען ביים פּלייט פאַר די „באָרדערס". אַט אַזוי איז עס מיין זוהן ! גענומען זיך פאַר דער ארבייט און אוים שניידער. אַ פאַרמער, און פאַרטיג ! דיין טאַטע האָט ניט מורא פאַר אַ שווערע מלאכה. ער האָט שוין אין זיין לעבען געטהאָן כל עבודת פרך. דו דאַרפסט זיך ניט לערנען פון דיין עלטערען ברודער, ער איז אַ גאָרנישט, און איהם וועל איך אַ סענט ניט לאָזען נאָך מיין טויט. זאָל ער הולטייעווען.

•

קיילין האָט זיך אויפגערעגט און איז אַ ווײַלע געבליבען שטעהן שווער אָטהעמענדיג.

דער אינגעל האָט דערשראָקען געקוקט אויפ'ן פאָטער. ער האָט מורא גע־האַט, ער זאָל פּלוצים ניט אומפאַלען און שטאַרבען, ווייל ער זעהט אוים געל און די אויגען זיינען מוטנע און ווי אָהן לעבען.

— אָלל־רייט פּאַ, איך וועל אַלץ טאָהן, רייניגען דעם שטאַהל און טרייבען די פערד. איך האָב אַ סך כח.

אַרום איז געווען שטיל, און נאָר ביים זייט פון וועג אויף אַ נאַקעטען בוים איז געשטאַנען אַ שוואַרצע פויגעל און האָט געקראַקעט ווי אַ ראָב אין אָסיען צייט. דאָ און דאָרט אויף די בערג האָבען זיך שוין געזעהן גרויסע נאַסע, שוואַרצע פאַסען ערד. איינציגע שנייעלאַך זיינען געפאַלען פון כמאַרנעם הימעל.

זיי זיינען נאָך אַ ווײַלע אַרומגעגאַנגען און זיך אומגעקעהרט אין הויז.

און עס האָבען זיך אַ ציה געטהאָן לאַנגע און אומטעיגע טעג. דער ווינטער האָט ניט געוואָלט אַוועקגעהן, און קיילין האָ ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן און צו וואָס זיך נעהמען פריהער. ער האָט זיך נאָך ניט אַיינגעלעבט מיט די נייע

פאַר איהם אומשטענדען, און אָפט פלעגט מיט אמאָל אויף איהם אָנפאַלען אַן אור־מעט און ער פלעגט בענקען נאָך'ן טומעל פון ניו יאָרקער גאַסען, נאָך זייערע פיעלפאַרביגע קאָלירען און ליכטיגע פייערען ווייל די נעכט דאָ זיינען געשטאַנען פינסטערע, ווי שוואַרצע ווענט וואָלטען זיך געצויגען ביז אין הימעל אַריין ארום זיין הויז.

א פּאָר מאָל אין וואָך פלעגען קומען שאַפּיראָ מיט לאה'ן. דאַן פלעגט אין הויז ווערען ווי ליכטיגער. זי מיט איהר גאַנצען וועזען פלעגט אָנפילען קיילין'ס האַרץ מיט פרייד. ער האָט ניט געקענט זיין בייז אויף איהר. אַלע שלעכטע געדאַנקען, אַז מען האָט איהם אָפּגענאַרט און ער האָט איבערגעצאָהלט פאַר דער פאַרם, פלעגען גלייך פאַרשווינדען ווי נאָר ער פלעגט זי דערזעהן. ער פלעגט אויפלעבען לעבען איהר, פיהלען זיך שטאַרקער איינגער, רעדען א סך און שאַפען נייע פלענער ווי אַזוי ער וועט איבערבויען די הויז און מאַכען דאָ א פּלאַץ פאַר א גרויסען האָטעל.

— איהר וועט נאָך זיין אָלל־רייט, אָנקעל, — פלעגט זי ליעב שמייכלען, און ער פלעגט ניט וויסען וואָס זי מיינט דערמיט.

ער האָט אַלץ געזוכט א מעגליכקייט זיך צו דורכרעדען מיט איהר אויג אויף אויג וועגען א סך זאַכען וואָס האָבען איהם געמאַטערט די לעצטע צייט, און ענדליך איז די געלעגענהייט געקומען. אין דער פריה איז אויפגעגאַנגען די זון. מוטנע וואַסערען זיינען געלאָפען פון די בערג און פרעהליך גערוישט, אָנזאָגענדיג, אַז דער פריהלינג קומט. קיילין איז געזעסען ביים אַריינגאַנג פון הויז. ביי זיינע פיס איז געלעגען פרינץ, און אַרום האָבען א פּאָר צעהנדליג היהנער געזוכט ווערימלאַך אין דער ווייכער נאַסער ערד און געקוואָקעט פון

פראַגעניגען וואָס נאָכ'ן לאַנגען ווינטער, האָט מען זיי ענדליך ארויסגעלאָזט אין דרויסען.

קיילין פלעגט אַלע ווײַלע וואַרפען אַ פאַרטרוימטען בליק אויפ'ן בלויען רײַנעם הימעל אויף די בערג אַרום, און טרויעריג שמייכלען. די לעצטע וואָך האָט ער געפיהלט גוט און געגומען גלויבען, אַז ער ווערט געזונט. ער האָט שוין אָנגעהויבען אַביסעל צו ארבייטען, אויסגערייניגט אַליין דעם שטאַהל, פאַרקלאַפט די לעכער אין שייער און אָנגעהאַקט האָלץ אויף אַ פּאָר וואָכען.

— קינדערלאַך, עס געהט אויף אַ וועג, — פלעגט ער זאָגען צו זיין פאַמיליע, — די לופט האָט מיך געראַטעוועט.

און איצט איז ער געוועזען פול מיט האָפנונגען אויף בעסערע טעג.

פּלוצים האָט ער דערהערט לאה'ס קול און האָט אַזש אויפגעציטערט פון פרייד. די פרוי איז געגאַנגען פון שטעדטעל צו־פוס. ער איז אויפגעשטאַנען איהר אַקעגען. דער אַלטער פאַרמער, וואָס איז געגאַנגען מיט איהר און געהערט איז זיך אַוועק ווייטער זיין וועג און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים טויער. קיילין האָט איהר באַגריסט. זי האָט איהם אויסגעזעהן היינט באַזונדערס שעהן און רייצענד. איהר פולער רונדער געזיכט איז געוועזען פריש און די אויגען האָבען געלויכטען מיט אַ שטילען פאַרבאַהאַלטענעם חן. זי איז געוועזען אָנגעטאָן אין אַ נייעם קלייד, וואָס האָט פעסט ארומגענומען איהר יונגען עטוואָס פולען קערפּער.

זי האָט געפרעגט ווי ער פיהלט, און געזאָגט, אַז נאָך נעכטען האָט זי זיך געקליבען אַהער, נאָר דאָס איינאָרדענען די נייע קלייט נעהמט צו אַזוי פיעל צייט און מיה און זי איז פּשוט געבליבען אָהן כח.

— און איך האָב זיך אַזוי פאַרבענקט נאָך דיר, — האָט שטיל אַ שעפּטשע

געטהאָן קיילין. קום אריין אין הויז. זי האָט פארבראכט מיט זיי דעם גאנ־צען טאָג און ער איז ניט אָפּגעטראָטען פון איהר, און ווען דער אָווענט איז צוגעפאַלען האָט ער געהייסען דעם גוי איינשפאַנען די פערד אין בריטשקע און האָט לאה'ן פאַרגעלייגט צופיהרען צום שטעדטעל.

---

די פערד זיינען אַרויס פון טויער און פאַמעלאַך אַוועק בארג אַראָפּ. די זון האָט זיך שוין געזעצט. און די לופט איז געוועזן ריין, טרוקען און פראָסטיג, ווייל די אָווענטען זיינען נאָך געשטאַנען קאַלטע.

קיילין מיט לאה'ן זיינען געזעסען און געשוויגען. ביידען איז געוועזן שווער אָנצוהויבען רעדען. לאה איז געקומען בעטען אַ הלואה ביים אָנקעל. די „דע פאַרטמענט סטאָר“ וואָס זיי האָבען זיך געקליבען עפענען אין שטעדטעל האָט געפאָדערט אַ סך געלט און שאַפּיראָ איז געווען אין גאַנצען איינגעטונקט אין חובות און האָט ניט געוואוסט ווי זיך אַרויסצודרעהען. האָט זי אַליין באַשלאָ־סען ראַטעווען די לאַגע און קריגען נאָך געלט. אַ גאַנצען טאָג האָט זי אַלץ געזוכט אַ געלעגענהייט צו רעדען מיט איהם וועגען דעם, נאָר זיין פרוי און די קינדער האָבען געשטערט, און איצט האָט זי ניט געוואוסט ווי אָנצופאַנגען, ווייל קיילין האָט אויסגעזעהן זעהר פאַרזאָרגט.

ענדליך האָט קיילין שטיל געפרעגט, פאַרוואָס האָט זי אַזוי גיך פאַרלאָ־זען די פאַרם. זי האָט דאָך צוגעזאָגט נאָך פאַרבלייבען אין הויז. פּלאָץ איז דאָך דאָ גענוג פאַר אַלעמען. און ווען ער האָט שאַפּיראָ'ס בריעף ערהאַלטען, אַז זיי קלייבען זיך שוין אַריבער אין שטעדטעל, זיינען איהם אין קאָפּ געקומען אַלערליי געדאַנקען. גאָרניט געוואַרט אויף איהם. ער האָט געטראָגען אַ כעס

אויף איהר. אָבער איצט, ווען זי איז געקומען, האָט ער אַלץ פאַרגעסען, און איהם איז גוט מיט איהר. ער וואָלט געוואָלט פאָהרען אַזוי אַ גאַנצע נאַכט און גאָרנישט רעדען, און זאָל די נאַכט זיין שטאַרק פינסטער און אָהן שטערען.

זיי זייענען שוין באַלד געווען אין טהאָל. לאה האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט איז ניט די צייט צו בעטען געלט. און ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין שטעדטעל, איז זי לייכט אַראָפּ פון דער בריטשקע, צוגעזאָגט די טעג ווידער צו זיין אויפ׳ן פאַרם, און איז אַוועק צום הויז, וואו שאַפּיראָ האָט זיך געקליבען עפענען זיין גרויסע קלייט.

אויף צוריק איז קיילין דעם גאַנצען וועג געזעסען אַ דערשלאָגענער און האָט זיך געפיהלט אַזוי ווי געגען אימיצען שולדיג. אין קאָפּ האָט ביי איהם אָנגעהויבען ווידער שטאַרק צו זשומען.

---

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז קיילין געפאָהרען אין שטעדטעל אַריין. ער האָט געדאַרפט איינקויפען אַ סך זאַכען פאַר׳ן הויז און אַלערליי זריעות פאַר׳ן גאָרטען, וואָס ער האָט זיך געקליבען צו פאַרפלאַנצען אויף זיין פאַרם. דעם וואָגען האָט ער אָפּגעשטעלט אָן אַ זייט. ער מיט זיין זוהן זיינען אַרומגע־גאַנגען פון קלייט צו קלייט און ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיג, איז ער אַריין צו שאַפּיראָ׳ן איהם עפּעס פרעגען וועגען איינינגע אידישע פאַרמער, וועל־כע האָבען זיך פון אימיצען דערוואוסט, אַז ער האָט געלט און גענומען זיך ציהען צו איהם מיט אַלערליי פאָרשלאַגען און געשעפטען, און אַלץ געוואָלט ווערען זיינע שותפים.

קיילין פלעגט אַלעמען געדולדיג אויסהערען, כאָטש אָפט פון זשומען אין

קאָפּ האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס מען רעדט צו איהם און נערוועז פינטלען מיט די אויגען. פלעגט די געסט גוט מכבד זיין, זיי מאַכען אַ פּאָר קאָמפּלי־מענטען, אַז זיי האָבען גוטע קעפּ אויף די פּלייצעס און דערביי באַמערקען, אַז ער איז אַ איד אַן אָרימאַן. דאַרף אויסהאַלטען אַ קראַנקע מוטער און דערצו איז ער נאָך אַליין אַ חולה מסוכן און וואו נעמט מען געלט אויף אַזוינע גרויסע געשעפטען.

דער גאַסט פלעגט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכטען און מיט אַמאָל זיך אַרומקוקען און דערזעהן, אַז דער בעל־הבית געהט אָרים און שמוציג אָנגעטהאָן, זיין פרוי איז מיאוס און די אַלטע קליידער הענגען אויף איהם ווי זעק, און די טאָכטער זיינע, וואָס דרעהט זיך אָרום אין קיך אין גרויסע מענערשע שטיוועל, זעהט אויס עלטער פון איהרע יאָהרען: דער פנים בלאַס, אין פרישצעס; דער האַלז לאַנג, ניט געוואַשען און דורך דער צעריסענער בלוזע אונטער די אָרימס, זעהען זיך אַרויס שוואַכע, בלוטלאָזע בריסט, ווי ביי אַ קראַנקער.

און מען פלעגט זיך אָפּטראָגען מי דער מיינונג, אַז ער איז זעהר אַ קאַר־גער, אָדער טאַקע אַן עני ואביון, ווי ער זאָגט אַליין וועגען זיך.

קיילין האָט אָנגעקלאָפּט אין טיר. שאַפּיראָ׳ס מיידעלע איז אַרויס, געלאָפען אַנטקעגען און גענומען פרעהליך שרייען, אַז דער אָנקעל קיילין איז געקומען. פון אַ צווייטען חדר האָט זיך באַוויזען לאה, אין אַ בלוזע מיט קורצע אָרבעל און אַ רויטע קליידעל, אַ באָרוויסע. זי האָט זיך כלומר׳שט פאַרשעהמט פאַר׳ן אָנקעל און אַ ציה געטהאָן די קליידעל אַראָפּ, צו באַדעקען איהרע נאַ־קעטע, ווייסע פיס. ער האָט געפרעגט וואו שאַפּיראָ איז. ער דאַרף ביי איהם עפּעס דערגעהן וועגען אייניגע פאַרמער. זי האָט איהם געבעטען זיצען און אַראָפּגעשיקט דער מיידעלע זוכען דעם פּאַ, וויסענדיג, אַז שאַפּיראָ איז נאָך

אין דער פריה אוועקגעפאָהרען איינקויפען סחורות פאַר אימיצען און וועט זיך ערשט אומקעהרען אין אָוועגט.

— לויפט אַרום איבער'ן שטעדטעל אַ פאַרזאָרגטער, האָט זי געזאָגט און זיך געזעצט אַנטקעגען קיילין'ען מיט אַ טרויעריגען פּנים.

— וואָס איז? האָט געפרעגט קיילין. די פאַרם איז דאָך שוין פאַרקויפט. וואָס ווייטער?

.4

זי איז געוואָרען רויט און האָט זיך אויפגערעגט. די אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען. וואָס ווייטער? זיי דאַרפען איצט האָבען אַ סך געלט פאַר די „סטאָר" און וואו נעהמט מען עס? און קיינער וויל ניט אַרויסהעלפען. די פּאָר טויזענד דאָלער, וואָס זיי האָבען געקראָגען ביי איהם פאַר דער פאַרם איז גלייך אַוועק. אַביסעל אויף „מאָרטגייטש", באַצאָהלט דעם און יענעם אַלטע חובות און געגעבען האַנטגעלט אין דער קלייט און איצט זיינען זיי געבליבען ניט אַהער, ניט אַהין. די איינציגע האָפנונג, וואָס ביי זיי איז נאָך דאָ, איז ער קיילין, זייער ליעבער אָנקעל, און זי בעט ביי איהם, ער זאָל זיי אַרויסהעלפען. זאָל ער זיי געבען טויזענד דאָלער ביז ענדע זומער, זיי וועלען זיכער מאַכען גוטע „ביזנעס" דעם „סיזען", ווייל אַזאַ גרויסע באַקאַנטשאַפט ווי זיי האָבען, האָט קיינער ניט אין שטעדטעל. און ער, דער ליעבער אָנקעל וועט זיין אַ גוטער און וועט זיכער זיי ניט אָפּזאָגען.

קיילין האָט געשוויגען. שווער אָטהעמענדיג, ווי ער וואָלט געהאַט אויפ'ן רוקען אַ גרויסע דריקענדע משא און זיך ניט געקענט אויפהויבען. עפּעס האָט גענומען קאָכען אין איהם. מען וויל פון איהם אַרויסשלעפען זיין געלט אָט אַזוי מיט גוטע רייד ער וועט זיי קיין סענט ניט געבען.

— לאה, איך קען ניט, איך האָב ניט, — האָט ער געגומען מורמלען. די פּאַרם איז אָפּגעלאָזען און מען מוז אַ סך זאַכען איבערמאַכען אין הויז. און אַלץ קאָסט דאָ שווערע געלט. איך האָב ניט.

לאה איז געוואָרען בלאַס און זיך אויפגעהויבען.

קיילין האָט זיך אויפגעהויבען נאָך איהר. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס איהר זאָגען, ערקלערען, אַז ער קען עס ניט טהאָן, נאָר איז שווייגענדיג מיט שווערע טריט אַרויס פון הויז. אויף די טרעפּ האָט ער געטראָפען לאה'ס מיידעלע, וועלכע האָט איהם דערצעהלט, אַז דער פּאַ איז נישטאָ אין גאַס און אַז ער איז אין דער פריה אַוועקגעפאָהרען ווייט מיט אַ גרויסען גוטען אָנקעל.

קיילין איז צו צום וואָגען, וואו זיין זוהן האָט אויף איהם געוואַרט.

— מיר פאָהרען אַהיים, האָט ער געזאָגט, און זיך געזעצט אין ברישקע.

נאָכדעם האָט זיך קיילין גענומען שטאַרק צו דער אַרבייט אויפ'ן פּאַרם. עס איז שוין געווען ענדע אַפּריל און די טעג זיינען געשטאַנען זוניגע. ער פּלעגט אויפשטעהן פּאַרטאָג און אַרויסגעהן אין דרויסען און נעהמען זיך גלייך עפּעס טאָן. איינשפּאַנען די פערד און אַרויספיהרען די מיסט פון שטאַהל אויף די לאָנקעס, געבען עסען די היהנער און אַריינטראָגען זויער־מילך אין הייזקע פאַר די קורטשאַטקעס, וועלכע ער האָט ניט לאַנג געקויפט גאַנצע טויזענט שטיק. דערנאָך פלעגט ער שלעפּען שטיינער און פאַרצאַמען דעם „ספּרינג", כדי די עטליכע בהמות וואָס ער האָט געהאַט זאָלען ני פאַרזונקען ווערען אין דעם נידעריגען פּלאַץ אַרום הויז פון וואַנען עס האָט זיך אַלע מאָל געטראָגען אַ פייכטער און שווערער ריח ווי פון אַ זומפּ. ער האָט געהאַפּט, דאָס מיט דעם אָנקומען פון וואַרימע טעג וועט זיך די בלאָטע אויסטריקענען, הויכע גראָזען וועלען זיך אַ ציה טהאָן פון דער ערד און ער וועט שוין קענען אַרויסלאָזען זיך

פּאַשען די בהמות, וואָס זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען אין שטאַהל. אַפּט פלעגט ער צורופען זיין פרוי און פערטראַכט פרעגען :

— וואָס זאָגסטו, אסתר ! די בלאָטע וועט זיך אויסטריקענען ביז זומער ? מען האָט אונז דאַכט זיך אָפּגענאַרט און אריינגעשטופּט אין אַ זומפּ.

און די קאַסאַקע פרוי מיט'ן בלוּליכען פּנים פלעגט אויסגלאָצען איהרע אויגען, זיפצען און שיטען מיט טויטע קללות אויף שאַפּיראָ'ן און לאַה'ן, וואָס האָבען זיי אומגליקליך געמאַכט.

קיילין פלעגט זיך אָפּקעהרען, בייסען די ליפּען ביז וועהטאָג און שווייגען. נאָר אַמאָל, הערענדיג ווי זי שילט לאַה'ן, פלעגט ער פלוצים ווערען אַנגעצונדען, מלא רציחה, און שרייען ווילד :

— ווער פאַרשטומט, דו הערסט ! אַוועק פון מיינע אויגען !

די פרוי פלעגט אַ פאַרוויינטע זיך אומקעהרען אין הויז, אָדער זיך אַ כאַפּ טאָהן פאַר'ן האַרצען און חלש'ען.

קיילין האָט שווער געליטען, וואָס ער מיט לאַה'ן זיינען זיך אַזוי ברוגז'דיג פאַנאַנדערגעגאַנגען דעם לעצטען מאָל ווען זי האָט ביי איהם די געלט געבעטען. זי האָט אויפגעהערט צו קומען אויפ'ן פאַרם און ער האָט שטאַרק גע־בענקט נאָך איהר. עטליכע מאָל האָט ער שוין באַשלאָסען שיקען דעם זוהן זיינעם זי רופען. זאָל זי קומען. ער וויל זי זעהן, דער אַנקעל איהרער. נאָר דאַן וועט ער דאָך מוזען איהר געבען די טויזענט דאָלער, וואָס זי בעט ליי̆הען. און דאָס האָט ער ניט געקענט טהאָן. אַזאַ גרויסע סומע. זי וואָלט זיכער איהם עס ניט אומגעקערט. און ער פלעגט חרטה האָבען און ווייטער ליידען און בענקען.

אַ גאַנצען טאָג האָט ער זיך נאָך אַביסעל פאַרגעסען אין טומעל פון הויז

און אין דער אַרבייט, און נאָר ווי דער אָוועגט פלעגט צופאַלעז און אַרום פלעגט ווערען אַזוי שטיל און טרויעריג און די פינסטערניש איז געגאַנגען פון אַלע זייטען פון דער וועלט, האָט זיין נשמה געוויינט אין איהם, און ער האָט קיין פּלאַץ ניט געפונען פאַר זיך אין הויז. דאַן פלעגט ער אָפט צוקומען צו זיין נאָהענטען שכן פיינבערג, וואָס האָט אויך ניט לאַנג געקויפט א פאַרם אין דעם געגענד, און רעדען מיט איהם א שעה, צוויי, אָדער ביידע פלעגען זיצען ביים טהיר און שווייגען.

פיינבערג האָט זיך אויך געפיהלט ניט גוט. א געוועזענער רעוואָלוציאָנער און לעהרער, וואָס האָט אין רוסלאַנד פריהער געשפּילט א וויכטיגע ראָלע אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, איז לאַנג געזעסען אין טורמע און געווען פאַרשיקט אין סיביר, האָט איהם אַלץ געצויגען צו עפּעס העכערעס ווי „באַרייסען באָרדערס". אין ניו יאָרק איז ער געווען א פאַרבער און האָט געגוג פאַרדינט פאַר זיין פרוי און דריי קינדער, נאָר עפּעס פלעגט ער האַלטען אין איין הוסטען און זיך אָפּט צו־קיהלען, און ווען מען איז אַוועק צו א דאָקטאָר, האָט יענער גלייך געהייסען איהם זיך באַזעצען אין די בערג, ווייל זיינע ביידע לונגען זיינען אָנגעגריפען, און ביי איהם אַנטוויקעלט זיך טובערקולאָז.

די פרוי איז אַוועקגעלאָפען צו איהר פאַמיליע מיט א געוויין. מען האָט איהר צוגעזאָגט קריגען אַביסעל געלט און זאָל ער עפענען א קליינע „באָרדינג הויז" אין די בערג. זיי זיינען ביידע אַוועקגעפאָהרען זעהן א פאַרם. מען האָט זיי פאַרקויפט אַן אַלטע הויז און צוגעזאָגט גאָלדערנע גליקען. ער איז געווען באַגייסטערט פון דער נאַטור אַרום און האָט גערעדט צו זיין פרוי, אַז ענדליך איז דערפיהלט געוואָרען זיינער אַן אַלטער חלום, האָבען א פאַרם און לעבען א שעהנעם עהרליכען לעבען. ער האָט געמאַכט פּלענער, וואָס ער וועט פאַר־

פלאַנצען אין פריהלינג און ווי זומער וועט עס אַלץ אויפבליהן און ברענגען פרייד זיינע טעג. און צום סוף האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז די הויז איז שרעקליך פאַרלאָזען און מען מוז נאָך אַריינלייגען אַ סך געלט און מיה ביז זי וועט איהם עפּעס אַריינטראָגען, און ער איז געוואָרען פאַרזאָרגט און פלעגט אַרבייטען צו זעכצעהן שעה אַ טאָג און וועגען אַקערען און זייען איז שוין גאָר קיין רייד ניט געווען.

אָט צו דעם פיינבערג'ען האָט קיילין געפיהלט עפּעס אַ שטיקעל סימפּאַטיע, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז יענער איז עהרליך און מען האָט זיי ביידען אָפּגענאַרט.

ביינאַכט האָט גערעגענט און געדונערט, און קיילין פלעגט זיך אַלע וויילע אויפכאַפּען און ניט קענען שלאָפען. ער האָט מורא געהאַט דער שטאָהל זאָל זיך פון די בליצען ניט אָנצינדען און דער ווינט זאָל ניט צעברעכען די פּאָר עפּעל בוימער, וואָס וואַקסען אַרום זיין הויז.

ענדליך האָט זיך דאָס קראַכעניש פון דונער געהערט אַלץ שוואַכער. דער רעגען האָט אויפגעהערט און עס האָט גענומען טאָגען. ...

קיילין האָט פאַרזיכטיג, ניט אויפצואוועקען זיין פרוי, זיך אויפגעהויבען פון בעט און געעפענט אַ פענסטער אין צימער. אַ כוואַליע פרישע לופט האָט אַ גלעט געטהאָן זיין פּנים. ער האָט געוואָרפען אַ קוק אויפ'ן הימעל. דאָ און דאָרט זיינען נאָך אויף די בערג געשוואומען וואָלקענס און אין מזרח האָט זיך דער הימעל צעפלאַטערט. אַרום הויז איז געווען שטיל און פון זומפּ האָט זיך אויפגעהויבען אַ מילביג ווייסער נעבעל און מיט אַלערליי פאַנטאַסטישע אויזאָרען זיך גערדרעהט אַרום די בוימער און קוסטען און געשוואומען צום וועג. אַ פויגעלע מיט אַביסעל רויטע פעדערלאַך אויפ'ן האַרצען איז געקומען צו פליי־

הען, זיך געשטעלט אויפ'ן שפּיץ פון שייער און גענומען צווישערען. קיילין איז א ווײלע געזעסען ביים פענסטער, געטראַכט, אז ער מוז דינגען אן אר־ בייטער, ווייל ער אליין ווייסט אפילו ניט ווי אנצוהויבען צו באַארבייטען זיין פאַרם, און באלד באלד וועט מען שוין דאַרפען אַנפאַנגען אקערען און זייען. און א מענשען וועט מען דאַרפען צאָהלען. דערווייל געהט שוין דער דריטער חודש ווי ער האָט א סענט ניט פאַרדינט, און אלץ קאָסט שווערע געלט. די קורטשאַטקעס פאַלען איינע נאָך די אַנדערע און אויב ס'וועט ווייטער אזוי געהן וועט גאַרנישט בלייבען פון זיי. פאַרפאַלען הונדערט מיט צעהן דאָלער, און אזוי פיעל מיה, און די גוי'ע וואָס וואָהנט אויפ'ן באַרג ווע לאַכען פון איהם. זי האָט איהם געוואָרענט אז די הייזקע איז צו קליין און שטיקענד פאַר אזויפיעל פּיסקלאַטעס. זאָל ער אָנהויבען פון א פּאָר הונדערט, און שפּעטער אויסהאָ־ דעווען נאָך. האָט ער אָבער געהאָט זיין חשבון. מעהר היהנער אויף זומער מעהר אייער, און דאַן וועט ער האָבען וואָס צו פאַרקויפען די „רומערס". צו וואָס דאַרפען קורטשאַטקעס האָבען לופט. אָט פּגר'ן זיי און די גויע איז אפנים גערעכט.

אזוי איז ער געזעסען און געטראַכט, און דערנאָך האָט ער זיך ווידער אריינ־ געלייגט אין בעט און זיינע געדאַנקען האָבען איהם אריבערגעטראָגען אין שטעדטעל אין לאה'ס וואָהנונג. זי איז איהם ארויס אקעגען א באָרוויסע, אין א רויט קליידעל און א ווייסער בלוזע מיט קורצע ארבעל. אן אמת'ע רוסישע שיקסע פון דער אלטער היים. זי שמייכעלט און זאָגט צו איהם, אז זי איז ניט בייז וואָס ער האָט איהר די געלט ניט געגעבען, און זאָל ער בלייבען מיט איהר, ווייל שאַפּירא איז אוועקגעפאָהרען און וועט זיך אין אזא זאווערוכע זיכער ניט אומקעהרען אהיים. און זי נעהמט איהם פאַר'ן האַנט און ביידע געהען לאַנג

דורך אַ גרויסען פינסטערען קאָרידאָר און זי שעפּטשעט איהם עפּעס אין אויער אריין.

די זון איז שוין געשטאַנען געגוג הויך ווען קיילין איז אַרויס פון שלאָפ־צימער. ער איז געווען אָנגעכמורעט און בייז, געפיהלט שלעכט און אין קאָפּ האָט ביי איהם געזשומעט. אַראָפּגעהענדיג פון די טרעפּ האָט ער באַמערקט, ווי זיין זוהן שלאָגט די שטיף־מוטער, און זי, אַ גרויסע און אַ דיקע, שטעהט איינגעבויגען און האַלט מיטביידע הענט פאַרדעקט דעם פּנים. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין קיך, אָנגעכאַפּט דעם אינגעל פאַר די האָר, און גענומען איהם בריקען מיט די פיס און שרייען, אַז ער וועט איהם טויטען. סעם האָט זיך פלינק אַרויסגעריסען פון זיינע הענט, האָט זיך געזעצט אין אַ ווינקעל און מיט טרערען אין די אויגען גענומען דערצעהלען ווי ער האָסט די שטיף־מוטער, און נאָך אַמאָל וועט ער ווייזען דעם פּאַ, ווי אַזוי זיך צו „פייטען“.

— דיין גליק, וואָס דו ביסט מיין פּאַ, — האָט ער געכליפּעט, — איך דיר ווייזען „פייטען“.

קיילין האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טהיר און איז אַרויס.

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבען שווער, מיט געשרייען, טרערען און שיל־טעריי.

קיילין איז אַוועק צו די קורטשאַטקעס. איבער אַ צעהנדליג זיינען ווידער געווען טויט און אַ פּאָר האָבען גע׳גוסס׳עט און זיינען געלעגען מיט פאַרבלוי־טיגטע עקלאַך און אַרום זיי האָבען זיך געשטופּט די לעבעדיגע און געהאַלטען אין איין פּיקען שטיקלאַך פלייש פון די פאַרוואונדעטע.

קיילין איז אַ ווײַלע געשטאַנען, דערשאָטען אַביסעל קוילען אין אויוועלע, אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט, זאָל עס געהן צו אַלדי שוואַר־

צע יאָהר, און איז אַרויס צוריק, לאָזענדיג די געפאַלענע פּיסקלאַטעס ליגען אויף זייערע פּלעצער. נאָך פריהשטיק האָט ער ווידער געפיהרט שטיינער צו פאַרצאַמען דעם זומפּ. ער האָט שוין פאַרלאָרען די האָפנונג אַז די בלאַטע וועט זיך אַמאָל אויסטריקענען, און אויך די גויע פון באַרג האָט איהם ערקלערט, אַז דער באָדען אין דעם פּלאַץ איז אַ פייכטער פון יאָהרען לאַנג, און דאָרטען פיה־רען זיך גרויסע און גרינע פרעש און נאָך עפּעס מאָדנע און קלעפּעדיגע באַשע־פעניש, וואָס שרייען ווי נאַכט־פויגלען און צינדען אָן פונקען ווי פייער־פליגען פאַר אַ רעגען.

קיילין האָט געאַרבייט און געקאָמאַנדעוועט מיט זיין זוהן, וועלכער פלעגט זיך אַלע ווייַלע פאַרקוקען אויפ'ן וועג. ער האָט געוואוסט, אַז שלעפּען שטיינער און זיך אויפרעגען אַלע ווייַלע איז פאַר איהם שעדליך, און ער טאָר עס ניט טאָהן, אָבער זיצען אַזוי האָט קיילין ניט געקענט. און דאָן האָט ער געגלויבט אַז אַזוי וועט ער אפשר איבערברעכען די קראַנקהייט, ווייל פון נאַטור איז ער געווען אַ האָרעפּאַשניק, און יעדען פאַרדינטען דאָלער האָט ער שטאַרק גע־היט.

נאָר באַלד איז ער זעהר מיעד געוואָרען און דערפיהלט אַ שטאַרקען וועה־טאָג אין גאַנצען קערפּער, האָט זיך דערמאָנט, אַז דער טאָג האָט זיך היינט שלעכט אָנגעהויבען פאַר איהם, איז ער געוואָרען אומעטיג און געוואָרפען די אַרבייט.

ער האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז מילך און זיך געזעצט ביים אַריינגאַנג פון הויז אָפּרוהען. פרינץ האָט זיך צוגעשאַרט צו איהם און איז געבליבען ליגען ביי זיינע פיס. אַן אַלטער מיט פאַררערטע האַלב־בלינדע אויגען.

פון קיך האָבען זיך געהערט געשרייען און זיין טאָכטער האָט געפּאַמפּעט

וואַסער און געזונגען אַן אַמעריקאַנער גאַסען־ליעד וועגען אַן אַקטריסע מיט'ן נאָמען פויגע אָניל. אַז אויב אימיצער האָט אויגען בלאָהע ווי דער הימעל, זיינען דאָס די אויגען פון פויגע אָניל און נאָר איהר שמייכעל איז ליעב און איהרע טריט זיינען שעהמעוודיגע און פול מיט חן. זי האָט געזונגען מיט אַ הילכיג קול, זאָרגלאָז און קיילין האָט זיך פאַרטראַכט איינגעהערט נאָר אַ וואָרט ניט פאַרשטאַנען. דערנאָך איז ער אַריין אין הויז און גענומען זיך באַ־קלאָגען פאַר זיין פרוי, אַז ער פיהלט עפּעס ניט גוט. זי איז אָנגעפאַלען אויף איהם פאַרוואָס ער האָרעוועט אַזוי שווער און האָט איהם געצוואונגען אָנשרייבען אַ בריעף אין ניו יאָרק מען זאָל אַהער צושיקען אַ געזונטען בחור, וואָס פאַר־שטעהט ערד־אַרבייט און אַביסעל שפּעטער איז ער אַריין אין שלאָפצימער און האָט זיך ווידער גלייך דערמאָנט אָן לאה'ן. שוין באַלד צוויי וואָכען ווי זי איז ניט געווען ביי איהם אויפ'ן פאַרם. און די פּאָר מאָל וואָס ער איז געווען אין שטעדטעל, האָט ער זי אויך ניט געזעהען. זי טראָגט אַ כעס אויף איהם. אפשר איז ער טאַקע שולדיג און האַנדעלט מיאוס, וואָס ער וויל זיי ניט אַרויס־העלפען. פאַרוואָס זאָל ער זיי ניט לייהען די טויזענט דאָלער, אַז זיי געפינען זיך אין אַ נויט ? מען דאַרף איינשפּאַנען די פערד און פאָהרען זיך איבער־בעטען מיט איהר. ער איז אַזוי אומרוהיג די צייט.

די פרוי איז אַ פאַרזאָרגטע אַריין נאָך איהם. זי איז אַ וויילע געשטאַנען אין טיהר, געשוויגען און דערנאָך אַ ברום געטאָן :

— אפשר זאָל מען רופען אַ דאָקטאָר ?

קיילין האָט איהר געהייסען אַוועקגעהן. ער האָט ניט געקענט אין די מינוטען קוקען אויף איהר.

דערנאָך איז צום הויז צוגעפאָהרען אַן אָטאָמאָביל מיט דריי אידישע פאַר־

מער. איינער פון זיי א הויכער, א שלאנקער, מיט ווילדע שווארצע אויגען ווי ביי א ציגיינער, איז געווען א רומענישער און האט געהאט זיין פארם א פאר מייל פון קיילינען. זיי האבען שוין פון איהם געהערט און געקומען זיך באקענען. פארט שכנים. מען איז ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט אנטיסעמיטען. און דאז איז קיילין א גרינער אין די „פארם ביזנעס". זאל ער וויסען וואס ער האט דא צו טאהן. עס מוז הערשען אחדות ביי זיי. קיין קאנקורענץ. עס מאכט ניט אויס, צי די „באָרדערקעס" קענען באצאהלען, ווילען זיי דא זיין מוזען זיי צאהלען!

ער האט גערעדט א סך און ניט געלאזט קיילינ'ען איהם ענטפערען און זיינע אויגען האבען א מינוט ני גערוהט. געווארפען ברענענדע אומרוהיגע בליקען אהין און אהער, אלץ באמערקט און גערעדט ווייטער:

דער „פליים" איז וואונדער שעהן. אט דא לעבען הויז וואו די פאר ביימער שטעהען, דארף מען אויפבויען א גרויסען טאנץ־זאל פאר די יוגענד, ארייננפיהרען עלעקטרישע ליכט און געהוליעט. וויפיעל ווילט איהר פאר דעם פלאץ? אט די צוויי אידען ווילען עס נעהמען פאר דעם סיזאן. נאר איך ראטה אייך ניט אפגעבען. שאפירא האט פאר א יאהרען דא געמאכט צעהן טויזענט דאלער. זאל איך אזוי געזונט זיין. זעהט א הויז, ווי זי איז שעהן געבויט; פענסטער ווי אין א פאלאץ; גרויסע און ליכטיגע. א פארדרוס, דער איד וויים ניט וואס ער האט צו טאן. ווען דאס איז אין מיינע הענט, אדער מיר זיינען שותפים. — גאלד וואלטען מיר פון דאנען געשעפט.

קיילין איז נאכגעגאנגען די דריי אידען און פון זשומען אין קאפ ניט אין גאנצען פארשטאנען וואס דער רומענישער רעדט. ער האט עפעס אלץ געוואלט פרעגען, וואס טוט מען מיט דעם זומפ, ווי טריקענט מען עס אויס די בלאטע,

און פלעגט תיכף פארגעסען און ווערען פארפלאָנטערט אין זיין פלאָפלעריי, און אזוי, ביז זיי האָבען ארומגעקוקט די גאנצע פאָרם, זיך געזעצט צוריק אין אַטאָמאָביל און אוועקגעפאָהרען. שפּעטער איז ער א פּאָר שעה אָפּגעלעגען אָהן כח א פארמאטערטער, ווי נאָכ'ן שלעפּען די שווערע שטיינער צו פארצוימען דעם נאָסען־פלאַץ.

---

פארנאָכט האָט ווידער זיין נשמה געוויינט אין איהם און געבענקט נאָך לאה'ן. איינגעהילט אין שטילען בין השמשות, איז ער געגאַנגען לאַנגזאָם מיט'ן ברייטען וועג, וואָס פיהרט צו פיינבערג'ס פאָרם. און ווען ער איז צוגעקומען צו זיין הויז, איז שוין געוואָרען טונקעל און א האַלבע רויטע לבנה האָט זיך באַוויזען פון הינטער די בערג.

זיי זיינען אריין אין הויז און דאָרט ביי דעם שיין פון א קעראָסין לעמפּעל האָט קיילין באַמערקט, אז פיינבערג זעהט אויס זעהר שלעכט און אויסגעמוטשעט און האַלט אין איין הוסטען.

— מיר זיינען ראָכט זיך ביידע אויף גרויסע צרות, האָט א לאַך געטהאָן קיילין, — איהר הוסט און איך קרעכץ, און זיי זיינען מיט'ן לעמפּעל אין האַנט אוועק זעהן די אויפּסניי אויסגעפּארבטע צימערען און וואָס פּאָר א בעטען ער האָט אַריינגעשטעלט און אַנדערע קליינינקייטען, וועלכע ער האָט געוואָלט וויסען, צוליב זיין אייגענעם הויז.

פיינבערג האָט איהם אַלץ געוויזען און זיך באַקלאָגט, אז די הויז קאָסט איהם שוין א מאָסע געלט און די ווייב זיינע מיט די קינדער זיינען איצט אין שטאָדט און ארבייטען דאָרטען שווער, און ווער ווייסט, וואָס דער זומער וועט נאָך ברייננגען. ער איז אַריינגעקראָכען אין די „ביזנעס" און עס איז שוין

שפּעט זיך נעהמען פאַר עפּעס אַנדערש. אַט דאַ אונטען אין טהאָל וואָהנט אַ גוי, האָט ער אַ קליין הייזקע מיט אַ שטיקעל באָדען און לעבט רוהיג מיט זיין פרוי און קינדער. וועגען אַזאַ לעבען האָט ער געטרוימט און מיט אַמאָל אַזוי זיך פאַרדרעהט.

די האַלבע רויטע לבנה איז שוין געשטאַנען הויך, ווען קיילין איז געגאַנגען אַליין אַהיים. מאָרגען, האָ ער באַשלאָסען, וועט ער פאָהרען אין שטעדטעל און געבען לאה'ן די טויזענט דאָלער און זאָל נעהמען אַ סוף. ער קען שוין מעהר ניט ליידען. און דאַן וועט זי ווידער קומען צו איהם אין הויז. ער וועט ליגען קראַנק און זי וועט זיצען ביי זיין בעט און דערלאַנגען איהם אַ גלאָז מילך.

ביים הויז האָט ער דערפיהלט אַ שווערען נאַסען גערוך וואָס האָט זיך געטראָגען פון „ספּרינג“. ער האָט אַ קוק געטהאָן אין יענער זייט, און פּלוצלונג האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז טויזענטער מאָדנע באַשעפעניש׳ען הויבען זיך פון מוטנעם וואַסער און צינדען אָן אין דער לופטען פאַרביגע, ליכטיגע פונקען, אַזוי ווי פייער־פליגען פאַר אַ רעגען און ווערען באַלד פאַרשוואונדען.

.5

אין חדש אייר איז קיילין געווען שטאַרק פאַרהאַוועט אויף זיין פאַרם און האָט פאַרגעסען אָז זיין קראַנקהייט. ער האָט איבערגעבויט די קליינע הייזקע ביים בוים, וואו די ציפּלאַטעס האָבען זיך געפונען, פון אַן אַלטער זומער בודקע געמאַכט אַ קיך און אַריינגעשטעלט דאָרט צוויי גרויסע אויוועגס פאַר די „רומערקעס“ צום קאָכען, האָט אײַנגאַנצען פאַרצוימט דעם זומפּ, אויפגעאַקערט דעם באָדען אַרום און פאַרזייט בולבעס, האָבער און אַ סך גרינסען ביים הויז.

אין די אַלע זאַכען האָבען איהם אַרויסגעהאָלפען זיינע קינדער, די מיי־

דעל מיט'ן בחור, און אַ באַי, וואָס איז געקומען צו איהם פון ניו יאָרק נאָך אין אָנהיוב מאַי, און דערצו פלעגט כמעט אַלע פּאָר טעג קומען לאה אויפ'ן פאַרם אַ פרעהליכע, אַ צופרידענע, מיט ראָזעווע באַקען און ליכטיגע אויגען,, האָט זיך איבעראַל געמישט, געהאָלפען אסתר'ן באַקען און קאָכען און אַלע ווײַלע פלעגט זיך קיך פון דערטראָגען אין דרויסען איהר קול וואָס האָט געררו־פען אָנקעל קיילין'ען פאַרזוכען אַ נייעם „קייק", אָדער עפּעס אויסטרינקען. און די עפּעל בוימער האָבען זיך שוין צובליהט אַרום הויז און אין די גראָזען ביים וועג זיינען געוואָקסען קליינע בלויע „פאַרגעס מיך ניט", און אַלע פאַר־נאַכט פלעגט קיילין מיט זיין זוהן טרייבען די בהמות אין שטאַהל און פאַר־טאָג אַרויסלאָזען אין טהאָל, וואו זיי האָבען זיך געפּאַשעט אַרום דער בלאָטע אַ גאַנצען טאָג. און קיילין האָט געפיהלט, אַז דאָ וועט טאַקע קומען זיין הילף און ער וועט ווערען אינגאַנצען געזונט און נאָך דערלעבען אַ צייט פול מיט פרייד און גליק.

ווי נאָר ער האָט געגעבען לאה'ן די טויזענט דאָלער איז איהם אַראָפּ ווי אַ שטיין פון האַרצען. און געשעהן איז עס פּלוצים. איינמאָל אין דער פריה אַרויסשלעפענדיג אַז אַלטען פאַרזשאַווערטען אַקער־אייזען פון שייער האָט קיי־לין זיך צעבלוטיגט אַ פינגער. ער האָט זיך דערשראָקען פאַר אַ בלוט־פאַר־גיפטונג, האָט גלייך איינגעשפּאַנט די פערד און איז אַוועקגעפאָהרען אין שטעדטעל צום דאָקטאָר. ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק פון דאָקטאָר מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטען פינגער און איז דורכגעפאָהרען די איינציגע געסעל וואו די אידישע „סטאָרס" האָבען זיך געפונען, איז איהם אַרויס פון איהר הויז אַקעגען לאה. ער האָט ניט ווילענדיג אָפּגעשטעלט די פערד און זי האָט דער־שראָקען און פאַרזאָרגט אויסגעשריען:

— אַנקעל קיילין. וואָס האָט זיך געטראָפען מיט אייך ? צובראָכען אַ האַנט ?

ער האָט איהר דערצעהלט, אַז עס איז אַ קלייניגקייט, גאָרנישט, אַביסעל צעשניטען דעם פינגער, און האָט בלאָס געשמייכעלט. דערנאָך האָט ער צוגע־געבען, אַז איהם פרעהט זעהר וואָס ער זעהט זי און האָט אליין זיך געקליבען צו איהר אַלע טאָג. ווייל איצט האָט ער פרייע געלט און קען זיי געבען די טוי־זענט דאָלער, וואָס זיי דאַרפען פאַר זייער „סטאָר".

זי האָט זיך געמאַכט ניט הערענדיג און איהם געבעטען אריינגעהן אין הויז. קיילין האָט אָפּגעשטעלט דעם וואָגען אָן אַ זייט און איז אַוועק מיט לאה'ן צוערשט עפּעס איינקויפען אַביסעל גרינסען און דערנאָך איז ער ארויף אין איהר וואָהנונג.

שאַפּיראָ איז געוועזען אין שטוב. ווי זיי זיינען אריין, האָט לאה געזאָגט צו איהר מאַן :

— איך האָב געוואוסט, אַז דער אַנקעל וועט אונז ניט פאַרלאָזען. ער האָט איצט פרייע געלט און וועט אונז געבען די טויזענט דאָלער.

שאַפּירא האָט אַזש אויפגעשפּרונגען פון פרייד. ער האָט זיך גענומען דרעהען ארום קיילין'ען, פאַרוואַרפען איהם מיט אַלערליי פראַגען און דער־צעהלען אַז דער מאַן וואָס האָט דאַן געוואָלט קויפען ביי איהם די פאַרם, רייסט זיך איצט די האָר פון קאָפּ און איז גרייט געבען קיילין'ען מיט טויזענט דאָלער מעהר, ער זאָל איהם אָפּטרעטען די פאַרם.

— און די בלאָטע ארום הויז אויך ? — האָט קיילין געטהאָן אַ כיטרען שמייכעל. — זאָל דער מאַן אריינקומען צו מיר.

נאָר שאַפּירא האָט די גאַנצע זאַך געמאַכט צו גאָרנישט. פאַרקעהרט, עס

איז גאָר אַ מעלה. וואָס טויגען פעלדער אָהן וואַסער ? דער באָדען ווערט זומער פאַרשמאַכט און די גראָזען פאַרטריקענט, און אַזוי איז די ערד אַרום אַלעמאָל פריש און זאַפטיג, און זאָל ער פרעגען ביי אַלטע פאַרמער, וועלען זיי איהם זאָגען דאָס זעלבע. און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען וועגען זיין „סטאָר“, און אומבאַמערקט, פאַרביי־געהענדיג, אַ פרעג געטאָהן קיילין׳ען ווען קען ער קריגען ביי איהם דעם טשעק אויף די צוגעזאָגטע סומע.

קיילין האָט אַ ווייַלע אַ טראַכט געטאָהן און געענטפערט, אַז אפילו באַלד. זאָל ער איהם דערלאַנגען אַ טינט און פעדער. ער האָט אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע זיין טשעק־ביכעלע און אַרויפגעלייגט אויפ׳ן טיש.

לאה איז געשטאַנען אָן אַ זייט און איהרע אויגען האָבען געלויכטען פון אויפרעגונג. קייליז האָט געוואָרפען אויף איהר אַ לאַנגען און פאַרבענקטען בליק, און ווידער האָט ער, ווי אין האַלבען שלאָף, דערפיהלט אַז די פרוי נאַרט איהם אָפּ, און האָט קיינמאָל פריהער ניט געטראַכט וועגען איהם. זי האָט באַמערקט זיין בליק און גענומען האַרציג שמייכלען צו איהם, אַ שעהנע און אַ רייצענדע פון אויפרעגונג. קיילין האָט מיט אַ ציטערדיגע האַנט אונטערגעשריבען דעם טשעק. דערלאַנגט שאַפּיראָ׳ן און שטיל געזאָגט :

— איהר וועט מיר געבען אַ חתימה.

ער האָט געוואָלט אויפשטעהן און פאָהרען אַהיים. די פערד האָבען געוואַרט אין דרויסען. נאָר לאה איז צו איהם צוגעשטאַנען, ער מוז מיט זיי עסען היינט מיטאָג, און דערנאָך וועט זי פאָהרען מיט איהם אויפ׳ן פאַרם און וועט דאָרטען פאַרבלייבען ביז אָוועגט. און שאַפּיראָ האָט דערלאַנגט בראָנפען צום טיש, און אויך שטאַרק געבעטען. ער איז געלאָפען פון קיך אין עס־צימער און צוריק, איז אַ פּאָר מאָל אַרויס אין גאַס, און מען האָט געזעהען, אַז ער איז זעהר

צעטומעלט און קען א מינוט ניט זיצען רוהיג.

גלייך נאָכ'ן עסען איז לאה אוועקגעפאָהרען מיט'ן אָנקעל אויפ'ן פאַרם. אויפ'ן וועג האָט ער איהר דערצעהלט ווי ער האָט שווער געליטען די לעצטע צייט. קיילין האָט א טרייב געטהאָן די פערד. לאה האָט זיך צוגעדריקט צו איהם און א מורמעל געטהאָן:

— ליעבער אָנקעל, מיר איז גוט מיט אייך.

די פערד זיינען געלאָפען באַרג אַראָפּ און קיילינען האָט זיך געוואָלט זיי זאָלען זיך אזוי טראָגען א גאַנצען טאָג און ער זאָל אַלץ ניט קומען אהיים.

אויפ'ן פאַרם האָבען זיך קיילין'ס קינדער געקליבען געהן שיטען מיסט פודער אויף א ברייטען פאַס ערד, וואו מען האָט געוואָלט פאַרזייען האָבער. לאה האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער ארבייט מיט א באַגייסטערונג. זי האָט זיך איבערגעטהאָן, פאַרבונדען דעם קאָפּ איבער'ן שטערן מיט א פאַרביג טיכעל און געוואַרט, ווען אַלע וועלען ארויס אין פעלד און ברענגען אהין די מיסט פודער.

א ווײַלע שפּעטער זיינען שוין אַלע געווען אויפ'ן פלאַץ. פרינץ האָט זיך אויסגעצויגען אין שאָטען פון א ברייטען קוסט, אויף וועלכען עס האָבען גע־בליהט אגרעסען. קיילין האָט אוועקגעלייגט לעבען איהם א פּאָר פּאַפּירענע זעקלאַך מיט פודער און גענומען קאָמאַנדעווען. ער האָט אָנגעשאָטען פולע פאַרטוכער לאה'ן מיט זיין טאָכטער, געהייסען זיי געהן און שיטען פון איין זייט, און ער מיט סעם'ען זיינען אוועק פון צווייטען זייט, און אזוי האָט זיך די ארבייט אָנגעהויבען.

קיילין איז באַלד מיעד געוואָרען. ער האָט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן גראָז לעבען הונט און גענומען קוקען אויף לאה'ן און זיין טאָכטער, ווי זיי ביידע

געהען איבער'ן פעלד און שיטען אהער און אהין הויפענס מיסט פודער, אויפ־הויבענדיג וואלקענס שטויב ארום זיך.ביידע זיינען פון איין וואוקס און זעהען אוים ווי ארימע שוועסטער, וואס האבען זיך אנגעדונגען אויף טאג־ארבייט און פארנאכט וועלען זיי אוועקגעהן מיט'ן ברייטען וועג אהיים און זינגען הילכיג און אומעטיג. און נאך אנדערע געדאנקען זיינען איהם געקומען אין קאפ. אט ווען אסתר און שאפירא שטארבען ביידע אין איין טאג, וואלט לאה דאן חתונה געהאט מיט איהם? זי וואלט ביי איהם געגאנגען אין סא־מעט און זיידענס, ווי א פרינצעסין. ער וואלט געקויפט אן אטאמאביל און אי־בערגעבויט די הויז פאר זיך. געלט האט ער גענוג. אט אזוי וואלט ער גע־לעבט אויף דער עלטער. נאר זאל איהם גאט ניט שטראפען פאר זיינע גע־דאנקען. אסתר איז א קראנקע און אומגליקליכע פרוי.

און פון דער ווייטענס הערט זיך לאה'ן קול: זאל דער אנקעל זיך צוקוקען גוט ווי זיי ארבייטען פלינק. באלד זיינען זיי פארטיג מיט א האלבען פעלד. און וואו איז פארפאלען געווארען סעם? זאל ער צוטראגען נאך א זעקעל מיסט פודער. און ווי שעהן איז דער טאג אין די בערג ארום. זי פיהלט זיך ווי א מיידעל פון זעכצעהן יאהר, און ווען זי האט פליגעל, וואלט זי זיך א הויב געטהאן פון דער ערד אט צו יענע וואלקענדלאך, וואס טראגען זיך צו דער זון.

און קיילין טראכט ווייטער, אז לאה איז גאר ווי א קינד, און ווי אזוי האט איהם גאר געקענט איינפאלען, אז זי נארט איהם אפ.

דערווייל האט זיך די זון אראפגעלאזט אלץ נידעריגער. שאטענס האבען זיך אויסגעצויגען איבער'ן פעלד און די פארנאכט ווינטלען האבען פאנאדער־געטראגען א געשמאקען ריח פון פרישע גראזען און האניג בלומען.

די אַרבייט איז געווען פאַרטיג, און אויסגעשמירטע מיט פאַרשטויבטע פּנים'ער איז מען מיט אַ גלעכטער און געפּילדער געגאַנגען צוריק צום פאַרם. און דאָ האָט זיי אַנגעיאָגט אַ בחור מיט אַ רענצעל אויפ'ן אַקסעל און דער־לאַנגט איהם אַ בריעף. אַלע האָבען זיך אָפּגעשטעלט. דער בחור האָט אַ וואָרף געטהאָן אַ זשאַדנעם בליק אויף לאה'ן, דערנאָך אָפּגעשטעלט זיינע שאַרפע אויגען אויף דער מיידעל, אַז זי אַזש רויט געוואָרען און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. קיילין האָט איבערגעלייענט דעם בריעף און פריינדליך אַ שמייכעל געטהאָן. אויפ'ן אויסזעהן איז איהם דער באַי געפעלען. קענטיג אַ געזונטער יונג. הויך און ברייט אין די פּלייצעס. דער פּנים רונד און די אונטערשטע ליפּ אביסעל צו־גראָב און זאַפטיג.

— ביסט אין צייט געקומען, — האָט געזאָגט קיילין, און דערלאַנגט איהם די האַנט. קום אין הויז אַריין. האָסט שוין געאַרבייט אויף אַ פאַרם אַמאָל ?

— שור, געאַרבייט, — האָט געענטפערט דער בחור, — מיין טאַטע איז אַ קאָלאָניסט.

ער האָט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף דער מיידעל, און זי האָט זיך ווי איינגעהויקערט אונטער זיינע אָנגעצויגענע בליקען און איז געגאַנגען אָן אַ זייט, מיט'ן פּנים צו דער ערד.

דער אַרבייטער האָט זיך אויסגערוהט פון וועג און איז אויף מאָרגען פאַר־טאָג אַרויס אין פעלד. קיילין איז געשטאַנען באַהאַלטען הינטער אַ בוים, געקוקט ווי ער אַקערט און טרייבט די פערד, ווי דער אייזען שניידט זיך ווייך אַריין אין דער ערד און געהט גרינג. און דער בחור איז הויך און שטאַרק, איינ־גאַנצען אַ באַגאָסענער פון דער זון, און ער האָט זיך שטיל און אומבאַמערקט צוריקגעקערט אין הויז. אַ באַרוהיגטער אַז דער אַרבייטער וועט שוין איהם

ארויסהעלפען, און אלץ וועט זיין פארזייט און וועט אויפבליהען אין דער צייט.

איצט האט קיילין געגומען טראכטען וועגען „סיזאן“. ער האט ניט גע־וואוסט וואס מען טהוט. עפענען א האטעל אדער פארדינגען די הויז פאר „רומערס“. לאה האט איהם געראטהען אפגעבען „רומס“, וועט ער זיין פריי־ער און ניט דארפען שטענדיג אזוי פיעל האווענען און זארגען די געסט זאלען זיין צופרידען. און דערצו האט זיין פרוי דאך ניט געקענט פיהרען א האטעל. איהר אויסזעהן וואלט פיעלע אפגעשטויסען. ער האט זיך געבעטען ביי לאה'ן, זי זאל כאטש דעם זומער בלייבען אויפ'ן פארם און אויסלערנען איהם ווי איינצוארדענען די הויז. זי האט איהם ערקלערט, אז אהן איהר וועט די „סטאר“ געהן שלעכט, ווייל שאפירא ווייס ניט וואו איין און וואו אויס. זי וועט אבער דאך זיך סטארען קומען א פאר מאל אין וואך און אלץ איינארדענען.

— דו ווייסט דאך בעסער,— האט קיילין געזאגט, — און איך פארלאז זיך אויף דיר, לאה, ווי אויף אן אייגען קינד.

זיי זיינען געשטאנען ביים טויער און געווארט אויף אן אטאמאביל, וואס האט געדארפט פארבייפאהרען און נעהמען לאה'ן מיט זיך. דער אווענט איז צוגעפאלען.

— ווען וועסטו ווידער קומען, מיין קינד ? — האט קיילין שטיל גע־פרעגט.

לאה האט אראפגעלאזט דעם קאפ און געשוויגען. דער אטאמאביל איז צוגעפאהרען.

— גוד־באי, אנקעל ! — האט זיך פלוצים דערהערט איהר הילכיג קול, און איז גלייך פארגאנגען אין מאי פארנאכט.

קיילין האָט ניט געוואָלט זיך אומקערן אין הויז און איז אַ ווײַלע אַרומגעגאַנגען איבער'ן וועג בײַם זומף.

פֿון דערווײַטנס האָט ער געזען ווי דער אַרבעטער שטעהט מיט זײַן טאָכטער בײַם פּאָמפּ, רעדט עפּעס, און זי לאַכט און באַשפּריצט איהם מיט וואַסער, און האָט קענטיג שטאַרק הנאה פֿון זײַן הויכע און פֿעסטע פיגור.

ער איז אייניגע מינוט געשטאַנען און געקוקט אויף זיי און דערנאָך איז ער אַוועק ווײַטער, און ווידער האָט ער געטראַכט וועגן לאה'ן, אַז זי איז יונג און געזונט, און ער איז קראַנק און מיט אַזוי פֿיעל יאָהרען עלטער פֿון איהר און איהם איז געוועזן זעהר אומעטיג.

פֿאַר'ן געהן שלאָפֿען איז קיילין באַלד שיער ניט אומגעפֿאַלען. ער האָט געקראָגן אַ לײַכטע אַטאַקע און אין קאָפּ האָט בײַ איהם אַזוי געזשומעט, אַז ער האָט ניט געהערט וואָס מען רעדט צו איהם, און אַלץ נערוועז געפֿינטעלט מיט די אויגען. אין דער פֿריה האָט ער געוואָלט אויפֿשטעהן און אַרויסגעהן מיט'ן אַרבייטער פֿאַרפֿלאַנצען גרינסען, נאָר ער האָט ניט געקאָנט און איז געבליבען ליעגען אין בעט. בײַטאָג האָט ער דורכ'ן אָפֿענעם פֿענסטער געהערט ווי זײַן פֿרוי רעדט מיטן אַרבייטער און דערצעהלט איהם, אַז די דאָקטוירים האָבען אין ניו יאָרק געזאָגט, אַז ער האָט אַ ראַק אויפֿ'ן לעבער, און מען קען עס ניט אויסהיילען. קיילין איז געבליבען ווי פֿאַרגליווערט און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זײַן קערפּער. ענדליך האָט ער זיך צופֿעליג דערוואוסט, וואָס אַלע באַהאַלטען פֿון איהם, און איצט פֿאַרשטעהט ער פֿאַרוואָס זײַן אַלטע מוטער האָט דאָן, ווען זיי זײַנען געקומען פֿון אַ באַוואוסטען דאָקטאָר, אַזוי געוויינט, געפּאַסט און געבעטען בײַ גאָט רחמים פֿאַר איהם. אַ ראַק, אַ רויטער ראַק. אָט די מיאוסע באַשעפֿעניש קריכט אַרום אין זײַנע

געדערים און זויגט זיין בלוט און די זאפט פון זיין לייב, און דערפאר דארט ער אזוי. ער האט גענומען ציטערען ווי אין פיבער און רופען זיין פרוי. באלד האבען זיך דערהערט איהרע שווערע טריט אין קארידאר און זי איז אריינגעקומען אין שלאף־צימער. זי האט זיך דערשראקען פאר זיין אויסזעהן, אזוי האט ער זיך אומגעביטען אין א פאר מינוט. זיין פנים איז געווארען געל ווי וואקס, די אויגען איינגעפאלען, און דער נאז שארף ווי ביי א טויטען. ער האט געוואלט נעהמען שרייען אויף איהר און האט ניט געקענט. זי האט זיך אראפגעבויגען צו איהם און גענומען וויינען, מיינענדיג אז ער האלט ביים שטארבען. ער האט דערזעהן די גרויסע טרערען ווי זיי רינען פון איהרע קאסאקע אויגען איבער'ן דיקען געזיכט, האט ער זיך אביסעל בארוהיגט, און א טראכט געטאן, אז די פרוי האט איהם האלט, און ווען ער וועט שטארבען וועלען זיינע קינדער איהר ארויסטרייבען פון הויז און זי וועט בלייבען אליין.

— מיר איז בעסער געווארען, — האט ער שווער ארויסגערעדט, — זעץ זיך אט דא לעבען מיר. איך וויל דיר עפעס פרעגען. אבער האב ניט קיין מורא און זאג מיר דעם אמת. — וואס האט דער דאקטאר דאן דיר געזאגט וועגען מיין קראנקהייט ?

— דו וועסט געזונט ווערען, — הא ארויסגעמורמעלט די פרוי.

נאר קיילין האט איהר איבערגעשלאגען און פלוצים דערצעהלט, אז ער האט נאר וואס געהערט, ווי זי האט דעם ארבייטער געזאגט, אז ער האט א ראק אויפ'ן לעבער און מען קען איהם ניט אויסהיילען. די פרוי האט זיך גענומען שווערען און וויינען, אז זי ווייס ניט פון וואס צו זאגען. זי האט דעם ארבייטער פוז אין דער פריה גאר אין איהרע אויגען ניט אנגעזעהן. און איהם האט זיך פשוט גע'חלומ'ט, אדער אויסגעדאכט. ווען מען האט אביסעל

פיבער קומען אַלעמאָל אַזעלכע שווערע געדאַנקען און מען הערט זאַכען, וואָס זיינען נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. און ענדליך האָט זיך קיילין אַביסעל באַרוהיגט און געבעטען די פרוי זאָל איהם לאָזען אַליין. ער וויל איינשלאָפען. די פרוי איז אַ פאַרווייגטע אַרויס פון שלאָף־צימער.

אין אַ פאָר טעג אַרום איז קיילין אויפגעשטאַנען. ער איז געוואָרען שטי־לער און מעהר פאַרבאַהאַלטען אין זיך. ווי פאַר איהם וואָלט זיך אַנטפּלעקט עפּעס אַ גרויסער און טיעפער סוד.

דער געדאַנק, אַז ער האָט אפשר אַ ראַק, האָט איינגאַנצען צוגענומען זיין רוה און איהם געמאַטערט אַפילו אין שלאָף. רויטע און קלעפּיגע פלעגען זיי קריכען פון זומפּ, ציהען זיך שורות־ווייז צום הויז, אַנפילען די צימער. דראַ־פּען זיך אויף די ווענט און דערגרייכען זיין לייב, און ער פלעגט זיך ניט קענען ראַטעווען פון זיי. ער האָט גענומען אָפּט פאָהרען צו אַלערליי דאָקטוירים און זוכען ביי זיי הילף. נאָר יעדער פון זיי פלעגט איהם געבען אַן אַנדער מיטעל און בעטען קומען נאָך אַמאָל. איינער פלעגט איהם הייסען עסען יונגע חזירם'לאַך, דער צווייטער נאָר גרינסען און אַפילו ניט קיין זופּ פון פלייש, און אַ דריטער, אַז זיין גאַנצע קראַנקהייט איז אַן איינגערעדטע זאַך, און ער איז פאָלקאָם אַ געזונטער מענש.

נאָר דאָס פלעגט איהם באַרוהיגען אויף אַ טאָג צוויי און ער האָט ווידער געליטען און געזוכט אימיצען וואָס זאָל איהם ראַטעווען.

און אויפ'ן פאַרם איז אַלץ געגאַנגען קאַפּויר. דער אַרבייטער איז געווען פויל, פלעגט זיך אָפּט אָנשיכור'ען און סטראַשען, אַז ער געהט אַוועק, און קריגען אַן אַנדערען האָט קיילין ניט געקענט, ווייל אַלע גוים אַרום זיינען גע־ווען פאַרנומען אויף זייערע אייגענע פאַרם'ס, און פון זיין זוהן פלעגט ער אויך

האָבען נאָר צרות. דער באָי האָט זיך באַפריינדעט מיט אַ פּאָר שיקסעס פון דאָרף און פלעגט האַלטען אין איין לויפען נאָך זיי און פאַרפּאַלעַן ווערעַן אין די נעכט. ער האָט איהם אַ פּאָר מאָל געוואָלט שלאָגען דערפאַר, אָבער דער זוהן האָט איהם פלינק אפּגעשטויסען, און איינמאָל איז קיילין שיער ניט געפאַלען פון זיינעם אַ שטופּ.

די איינציגע גוטע טעג זיינען געווען, ווען לאה פלעגט קומען אויפ'ן פּאַרם. זי האָט איהם געטרייסט, געמאַכט אַלע שוועריגקייטען צו גאָרנישט, געגעבען איהם האָפנונגען און זיך געלאַסטשעט צו איהם ווי אַ קינד, און פאַרנאַכט פלעג זי אַוועקגעהן און צוזאָגען באַלד ווידער קומען.

דערווייל האָ זיך אונטערגערוקט דער הייסער זומער. כמעט אַלע טאָג פלעגען פון ניו יאָרק אָנקומען צו קיילין'ען בריעף פון פרויען, וואָס פלעגען בעטען אַ צימער אָדער צוויי פאַר'ן סעזאָן, און באַלד האָבען זיי זיך גענומען באַווייזען מיט זייערע קינדער און וועגעלאַך און אָנפילען די הויז מיט געשרייען און געפּילדער.

קיילין פלעגט איצטער אָפטער אַוועקגעהן פון פּאַרם און זיך דרעהען אַרום זומפּ ביים וועלדעל. וואו עס האָבען געבליהט אַ סך מאַלינעס און פּאַזעמקעס. ער פלעגט ניט קענען איבערטראָגען די געשרייען פון די קינדער, ווייל זיין געזונט איז וואָס פון טאָג געוואָרען אַלץ ערגער און די נערוועז שוואַכער, און די בלאָטע האָט איהם געצויגען צו זיך און פאַרפאָלגט מיט איהרע באַשעפּעניש׳ען און רויטע ראַקען וואָס, ווי עס האָט זיך איהם געדאַכט, ליגען באַהאַלטען אין די גראָזען און וואַרטען נאָר די נאַכט זאָל צופאַלען, זיי זאָלען זיך שורות־ווייז אַ ציה טאָן צום הויז, אָנפילען די צימערען, דערגרייכען זיין לייב און פּייניגען איהם.

ער פלעגט אָפּשטעלען פאַרבייגעהער, רעדען מיט זיי פון זיין קראַנקהייט און דערצעהלען זיינע קאַשמאַרען, און אַלץ אָנווייזען אויפ'ן זומפּ, און זיי פלעגען מיינען אַז דער מאַן איז גערירהרט. איינינע פלעגען אַוועקגעהן, נאָר אַנדערע, באַזונדערס אַלטע פאַרמערס, האָבען איהם אויסגעהערט, געקוקט אויף דעם מוטנעם שלאָפּענדען וואַסער מיט זיינע הויכע גראָזען און געשאָקעלט מיט די קעפּ, אַז ווער ווייס אפשר געפינען זיך טאַקע דאָרט די אַלע קלעפּיגע און קריכענדיגע חיות, וועגען וועלכע ער דערצעהלט, ווייל גאָר אַמאָל איז דאָ געווען אַ גרויסער וואַלד, און עס האָבען זיך אין איהם געפונען כל המינים בייזע רוחות, וואָס פלעגען פאַרנאַרען די אַרומיגע איינזאַמע פאַרמער און פּייניגען זיי אין די זומפּען ביז'ן טויט.

— אַזוי, אַזוי. — פלעגט שעפּטשען קיילין מיט זיינע בלאַסע דינע ליפּען, און דער קליינער מוטנער וואַסער האָט אַלץ מעהר מורא אָנגעוואָרפען אויף איהם, און דאָ פלעגען נאָך אַלע טאָג צושטעהן די „רומערקעס" צו איהם מיט טענות, אַז פון דער בלאָטע הערט זיך אַ שווערער ריח, אַ נאַסער און אַ שטי־קענדער. און וואו זיך צו באָדען אין די גרויסע היצען האָבען זיי ניט, און דער פאַר זיינען איינינע אַוועק זוכען אַנדערע פלעצער. ער פלעגט ניט וועלען אומקעהרען זיי די האַנט־געלט, און עס איז געווען טומעל, געשרייען און זידלעריי, און צום סוף פלעגט ער בלייבען אַהן כח און קוים זיך דערנאָך שלעפּען איבער'ן פאַרם אַזוי ווי אַ שאָטען און ניט קענען געפינען קיין שטילען פּלאַץ וואו זיך אויצערוהען און בלייבען אַליין מיט זיינע שווערע גדאַנקען וועגען זומפּ און דעם רויטען ראַק, וואָס האָט זיך איינגעגעסען אין זיינע גדערים און זויגט זיין בלוט.

## .6

קיילין האָט זיך ווידער צוקריגט מיט לאה'ן, און דאָס מאָל האָט ער איהר שטאַרק באַליידיגט און זי איז אַרויס פון זיין הויז אַ פאַרוויינטע און לאַנג ניט געקומען אויפ'ן פאַרם. פריהער מי אַ פּאָר טעג איז קיילין אין אָווענט געזעסען ביי פיינבערג'ן און דאָרט איז אויך געווען דער מאַן ביי וועמען פיינבערג האָט געקויפט זיין פאַרם. מען איז געזעסען, גערעדט און דערנאָך האָט דער מאַן דערצעהלט, אַז שאַפּיראָ מיט זיין פרוי באַריהמען זיך איבעראַל, ווי אַזוי זיי האָט זיך איינגעגעבען פּטור צו ווערען פון זייער בלאָטע און נאָך מאַכען דערביי אַ פּאָר טויזענט דאָלער.

קיילין האָט זיך אומגעקעהרט אהיים מלא רציחה און האָט צום ערשטען מאָל דערצעהלט אסתרן, אַז שאַפּיראָ האָט איהם אָפּגענאַרט און געמאַכט אומגליקליך. ווענען לאה'ן האָט ער גאָרנישט געזאָגט און נאָר געטראָגען אויף איהר אַ כעס אין הארצען און אַלץ געוואַרט, זי זאָל קומען. איהם האָט שטאַרק פאַרדראָסען פאַרוואָס זיי רעדען נאָך ווענען דעם און שטעלען איהם אויס פאַר אַ נאַר.

עטליכע טעג האָט געהאַלטען אין איין רעגענען און איבער די בערג האָבען זיך געצויגען וואָלקענס. די „רומערקעס" פלעגען ניט אַרויס פון הויז און פון די געשרייען און טומעל און זשומען אין קאָפּ האָט קיילין געמיינט, אַז ער ווערט משוגע. אַלע צימערען זיינען שוין ביי איהם פון לאַנג געווען פאַרדונגען און יעדער מאַמע האָט געהאַט מיט זיך צו עטליכע קינדער, וואָס פלעגען זיך האַלטען אין איין שלאָגען און רייסען און לויפען איבער די טרעפּ אַרויף און אַראָפּ. און דאָ האָט נאָך געטראָפען אַן אומגליק, וואָס האָט קיילין'ען אָוועקגעלייגט אין בעט אויף אַ פּאָר טעג. זיין זוהן סעם איז געפאָהרען

מיט'ן ארבייטער אין שטעדעל נאָך שפּייז. אויפ'ן וועג, ווען זיי האָבען גע־דאַרפט פאַרקירעווען צו אַ בריקעל באַרג אַראָפּ, האָט זיך דער פערד, וואָס איז געווען בלינד אויף איין אויג, מיט אַמאָל צעיושעט און איבערגעקעהרט דעם וואָגען. סעם האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אונטער דעם פערד'ס פיס און דעם אַרבייטער איז קוים געלונגען דעם אינגעל אַרויסצושלעפּען. סעם האָט גע־וויינט און געשריען אויפ'ן קול, אַז מען האָט איהם צוברּאָכען אַ פוס און ער וועט בלייבן אַ קאַליקע. מען האָט סעם'ן אין אַן אַטאָמאָביל געבראַכט אהיים און ווען צוויי מענער האָבען איהם אַריינגעטראָגען אין הויז, האָבען די ווייבער גענומען אַזוי שרייען און יאָמערען, אַז מען האָט דעם אינגעל דער'הרג'עט, אַז קיילין איז פּלוצים אומגעפאַלען און מען האָט געמוזט אַרויסרופען אַ דאָק־טאָר איהם אָפּצעמינטערען און ברייגנען צו ז יך. סעם איז באַלד געזונט גע־וואָרען און קיילין איז געבליבען ליגען אין בעט אַ שוויינענדער, מיט מוטנע טיעפע אויגען און איינגעצויגענע דאַרע באַקען, ווי ביי אַ מת. ער האָט גע־נומען פיהלען, אַז זיין סוף דערנעהנטערט זיך. דער ראַק איז געקראָכען צום האַרצען און דאַן איז אַלץ פאַרפאַלען. איהם האָט זיך געוואָלט אַלעמען אַרויס־יאָגען פון הויז און אַרום זאָל זיין טויט שטיל. ער האָט קיינעם ניט געקענט זעהן און אפילו זיין פרוי פלעגט מורא האָבען אַריינצוגעהן צו איהם אין די טעג. איינמאָל פאַרנאַכט צו, ווען דער רעגען איז שוין פאַרביי, איז געקומען לאה אויפ'ן פאַרם. קיילין האָט דערהערט איהר קול און געבעטען, זי זאָל אַריינקומען צו איהם. ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן בעט אַן אויפגערעגטער און גענומען וואַר־טען, עס זאָלען זיך דערהערען איהרע טריט אין קאָרידאָר. איצט וועט ער איהר אַלץ זאָגען אין פּנים, האָט ער געטראַכט, אַז זי האָט איהם אָפּגענאַרט, איז אַ צולאָזענע און האָט ניט קיין האַרץ, און אַז איבער איהר שטאַרבט ער פאַר

דער צייט, ווייל זי האָט איהם פאַרשלעפּט אין אַ זומפּ און ער האָט דאָ געקראָ־
גען דעם ראַק פון די נאַסע שטיקענדע גערוכען וואָס טראָגען זיך אַרום הויז.

מיט אַמאָל האָט ער אויפגעציטערט. אימיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר און לאה איז שטיל אַריין אין אַ ווייסע, דורכזיכיגע זומער־קלייד, אָהן אַ העמד. זי איז צוגעגאַנגען צו זיין בעט און געפרעגט אַ פערזאָרגטע.

— אָנקעל, ווי פיהלט איהר ?

קיילין האָט אָנגעשטעלט אויף איהר זיינע מוטנע אויגען, האָט שווער גע־אָטהעמט און ניט געקענט אַרויסרעדען אַ וואָרט. דער גאַנצער כעס איז פּלוצים פאַרשוואונדען און טרערען האָבען איהם גענומען שטיקען אין האַלז. זי האָט אויסגעזעהן אזוי יונג און געזונט און מאָדנע רייצענד איינגעהילט אין ווייכע שאָטענס פון זומערדיגען בין השמשות. ער האָט אויסגעשטרעקט צו איהר זיינע הענט, געוואָלט זי צוציהען צו זיך און אַרומנעהמען, נאָר ער איז געבליבען ליגען אָהן כח און אויסגעדאַרטער, מיט איינגעפאַלענע באַקען און מוטנע געלע אויגען.

— ליעבער אָנקעל — האָט ער צוגעהערט איהר קול — זייט רוהיג. איהר טאָרט זיך ניט אויפרעגען.

— מיר איז אַזוי אומעטיג. איך פיהל דעם טויט. אַ גאַנצען לעבען אַזוי שווער געהאָרעוועט און איצט דער זומפּ וואָס האָט מיך פאַרגיפטעט. אַלע האָט איהר געזוכט אַ גיכען סוף פאַר מיר.

זי האָט איהם גענומען באַרוהיגען, זיך איינגעבויגען און געגעבען איהם אַ קוש אין קאָפּ, און דערנאָך איז זי שטיל אַרויס פון זיין צימער און איז גלייך אַוועק אַהיים.

שפּעטער האָט קיילין געוויינט ווי אַ קינד, און די טרערען האָבען אַלץ לוי־

טערער און ריינער געמאכט זיין נשמה, און ווען ער איז אויפגעשטאנען און גענומען ווידער אומגעהן, איז זיין הארץ געווען פול מיט הכנעה און זעהר גוט צו אלעמען. ער האט ארויסגערופען פון שטאדט זיין אלטע מוטער און צוויי ארימע שוועסטער מיט זייערע קינדער און זיי אוועקגעגעבען זיין צימער און אליין זיך אריבערגעקליבען אין אן ענגערען פלאץ. ער האט זיך אויפגעהערט צו מישען אין די געשעפטען פון הויז און אלץ איבערגעגעבען דער פרוי מיט די קינדער און אליין גאנצענע טעג און אוועקגעטען שטיל און פאמעלאך ארומגעגאנגען איבער'ן וועג און צום נאהענטען באקאנטען פארמער, וואו די שטאדטישע יוגענט האט פארבראכט זייער וואקיישאן אין טענץ און געזאנג. און אין איהם האט זיך אויפסנייע ערוועקט א האפנונג, אז ער קען נאך געזונט ווערען. די הייסע זון האט אויסגעטריקענט אביסעל דעם זומפ און די הויכע גראזען האבען פארדעקט דעם מוטנעם וואסער, און דער שווערער גערוך וואס פלעגט זיך טראגען פון דארט איז ווי פארשוואונדען אין די פראכטפולע זומער־טעג, ווען ארום און ארום איז אלץ געשטאנען אין העלען בליהען. כמעט אלע אווענט פלעגט ער זיין ביי פיינבערג'ן אויפ'ן פארם, ווייל דארט האט זיך געפונען א יונגערמאן וואס האט געשפילט הארציג אויף א הארמאניע, אמת־אידישע מעלאדיען און ער האט זיך זעהר באפריינדעט מיט איהם און דער יונגערמאן האט איהם דערצעהלט, אז ער איז געווען זעהר קראנק און די דאקטוירים האבען געצווייפעלט אין זיין לעבען און קיין געלט האט ער ניט געהאט, האט ער געקראגען די הארמאניע, איז אוועק פון ניו יארק און האט גענומען שפאנען איבער די וועגען און שפילען פאר מענשען און גאט און לעבען רוהיג און זארגלאז און שטיל ווי עס לעבען די גראזען אין פעלד און די בוימער אין וואלד און איצט איז ער געזונט און פרעהלאך און טראגט א גלויבען אין האר־

צען; און קיילין פלעגט שלינגען זיינע ווערטער און ווײַנען, אַז זיין גאַנצער לעבען איז געווען אַ זומפּ און ער האָט קיין מאָל ניט דערגרייכט צו עפּעס העכערעס, און איצט איז שוין שפּעט און אַלץ פאַרפאַלען.

אָפט פלעגט ער פאַרברענגען מיט'ן יונגענמאַן ביז שפּעט אין דער נאַכט, הערען זיינע וואונדערבאַרע רייד וועגען לעבען און אַלץ פלעגט פאַר איהם ווערען קלאָהר ווי פאַר אַ קינד, און ער האָט געטראַכט, ווען גאָט טהוט אַ נס און ער ווערט געזונט, ערוואָלט אָנגעהויבען אַ נייעם לעבען. ער וואָלט פאַרלאָזען די „באָרדינג־ביזנעס". ער וואָלט אַליין געאַרבייט אויפ'ן פעלד, און די טירען פון זיין הויז וואָלטען געווען שטענדיג אָפען פאַר אַלע אָרימע וואַנדערער וואָס האָבען ניט קיין פּלאַץ וואו אַוועקצולייגען זייער קאָפּ אין קאַלטע נאַסע נעכט.

נאָר דער יונגערמאַן, וואָס האָט האַרציג געשפּילט אויף דער האַרמאָניע, איז אין גיכען אַוועק פון פיינבערג'ן שפּילען פאַר מענשען און גאָט אין אַנדערע פּלעצער און מיט איהם איז אויך פאַרשוואונדען די גוטע שטימונג ביים קראַנקען. ער האָט אָנגעפאַנגען ווידער שווער צו ליידען און פּיהלען, אַז זיין לעבען געהט אויס. זיין נשמה האָט געוויינט און געביינקט ווידער נאָך לאַה'ן און ער האָט שוין עטליכע מאָל געשיקט זיין זוהן רופען זי און בעטען זי זאָל קומען אָפטער. ער האָט זיך ווידער גענומען מישען אין שטענדיגען טומעל פון זיין הויז, האָט געהייסען נעהמען גרעסערע פרייזען פאַר אַלע שפּייזען וואָס ער פלעגט צושטעלען פאַר די „רומערקעס" און שעה'ן לאַנג, אַלע טאָג, אַרומגעהן צוטומעלט און האַלטען אין איין פאַרצייכענען עפּעס אין אַ בלויען ביכעלע און רעכענען, אָבער פון זשומען אין קאָפּ ניט געדיינקען פון דאַנען אַהין און אָפט פלעגט זיך איהם דאַכטען, אַז אַלץ אַרום איהם איז איינגעהילט

אין אַ טונקעל־רויטען נעבעל, די מענשען טראָגען זיך ווי אין אַ פאַרביגען רויך, און ווערען באַלד פאַרשוואונדען, זייערע שטימען הערען זיך ווי פון דער־ווייטענס, ווי אַ ווינט וואָלט עס דערטראָגען. זיי געהען אַוועק און קומען און שרייען און לאַכען און האַלטען קינדער אויף די הענט און זייערע פּנים׳ער זיינען גליקליכע און בייזע און ער איז אַ פאַרלאָרענער צווישען זיי און ווייס ניט וואָס צו טאָן פריהער.

אסתר און די קינדער האָבען זיך ביי איהם געבעטען, ער זאָל זיך ניט מישען אין די ביזנעס, ווייל ער שטערט נאָר און עס טהוט איהם שלעכט. ער פלעגט ווערען אָנגעצונדען און שרייען, אַז נאָך איצט וועט ער אין איין שעה אויפטהאָן מעהר ארבייט ווי זיי אַלע פאַר אַ גאַנצען טאָג, און פלעגט גלייך געהן אין גאָרטען עפּעס גראָבען, אָדער רייסען די ווילדע גראָזען, וואָס האָבען געוואָקסען מיט די גרינסען און דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט ניט שלאָפען און אַלע ווײלע וועקען זיין פרוי און שרעקען איהר, אַז ער שטאַרבט. און אַזוי איז ער געוואָרען דאַר ווי אַ סקעלעט — טרוקענע געלע הויט און ביינער און נאָר זיין שטאַרקע נאַטור און זשעדניקייט צו לעבען און אַרבייטען האָט איהם נאָך גע־האַלטען אויף די פיס. לאַה׳ן פלעגט ער איצט האַסען, נאָר האַלטען זיך אין איין בעטען ביי איהר, זי זאָל קומען וואָס אָפטער און ניט פאַרלאָזען איהם. ער איז געווען זיכער, אַז זי האָט פאַרקירצט זיינע יאָהרען און איהם אַריינגע־שלעפּט אין דער בלאָטע. נאָר גערעדט האָט ער מיט איהר צאַרט און גוט ווי פריהער און זי פלעגט אָפט ווײנען קוקענדיג אויף איהם, ווי אַלץ וואָס זי האָט אָפּגעטהאָן, וואָלט איהר שטאַרק פאַרדראָסען, און זי האָט געליטען דער־פון, זעהענדיג, אַז זיינע טעג זיינען געצעהלטע. ....

עס איז געקומען עפּעס אַ יום־טוב אין דער צייט, ווען מען האָט שוין

צום צווייטען מאָל אראָפּגעשניטען די גראָז פון די פעלדער. נאָך ערב דעם טאָג זיינען אָנגעפּאָהרעז פיעלע מענער צו זייערע פרויען און ביי קיילין'ען אויפ'ן פאָרם איז געווען טומעלדיג און פרעהלאך. ביז פאַרנאַכט איז דער קראַנקער ניט אַרוים פון זייז חדר און דער הונט פּרינץ פלעגט אַלע ווייַלע אַריין צו איהם, זיך אַביסעל דרעהען אַרום זיין בעט און ווידער אַרויס מיט אַן אראָפּ־געלאָזטען קאָפּ און פאַרטרערטע אויגען, הינקענדיג אויף זיין לאַפּע.

קיילין איז דעם גאַנצען טאָג געלעגען אין אַ שווערען האַלבען שלאָף און דער זשומען אין קאָפּ און דער טונקעל־רויטער קלאַנג אין די אויערען האָט אויף אַ מינוט ניט אויפגעהערט, נאָר ער האָט אַלץ געטראַכט וועגען זיין פאַרם, פאַר וואָס זיינען כמעט אַלע ציפּלאָטעס אויסגעפּאַלען און פון אַ פּאָר הונדערט קאַטשקעלאַך זיינען נאָר געבליבען צוויי און פון די אַלע גרינסען וואָס מען האָט פאַרפלאַנצט איז גאַרנישט אַרויס געראָטען און די בולבעס זיינען קליין און און וואַסערדיג, און די אַרומיגע שכנים האַלטען אין איין ריידען, אַז ביי איהם איז שמוציג אויפ'ן פאַרם און אָנגעוואָרפען און עס איז אַ חרפּה פאַר די גוים, פאַר וואָס איז ביי זיי ריין און עס איז דאָ בלומען אונטער די פענסטער, כאָטש פיעלע זיינען אָרים און פאַרדינען ווייניג. זאָל ער נאָר דערלעבען נעקסטען זומער, וועט אַנדערש זיין. און וועט טומעלט עס אַזוי אונטען. ווען ווען זיי שוין אַלע אַוועקפּהאָרען און לאָזען איהם אַליין. ער איז אַזוי טויט מיעד, און ווען וועט ער שוין געזונט ווערען, האַרציגער טאַטע!

קיילין איז פּאַמעלאַך אַראָגעקראָכען פון בעט און איז אַראָפּ אונטען. דער אָוועגט איז שוין צוגעפאַלען און פון הינטער די בערג האָט זיך באַוויזען אַ פולע זילבערנע לבנה. אין גרויסען צימער, וווא די פּיאַנאָ איז געשטאַנען, איז געווען ליכטיג און די יוגענט האָט זיך געקליבען טאַנצען. אַלע ווייַלע

פלעגט אימיצער א קלאפ טהאן איבער די קלאווישען און אפגעריסענע טענער פלעגען זיך דערטראגען פון די אפענע פענסטער. קיילין איז אביסעל געשטאנעןביים טיהר פון קיך, געקוקט ווי די ווייבער שטופען זיך ביים אויווען און ווי אסתר זיצט אין א ווינקעל א שווערע און אן אויסגעמאטערטע און אטהעמט מיט אן אפענעם מויל, ווי ווערענדיג דערשטיקט, און ער האט א טראכט געטאן, אז זי ארבייט זעהר שווער און ביטער. די קינדער זיינען גראב צו איהר און פון איהם הערט זי זעלטען א גוטען ווארט, און אזוי וועט זי אין א טאג פאלען ביים אויווען, און זי איז דאך א גוטע פרוי און האט אזוי פיעל געדולד צו איהם און צו זיינע קינדער. ער האט איהר געוואלט עפעס זאגען, נאר די ווערטער האבען זיך פארהאלטען ביי איהם אין האלז און די אויגען זיינען געווארען נאס פון טרערען.

ער איז אוועק איבער'ן הויף. אן א זייט, אונטער א בוים, איז געזעסען זיין טאכטער מיט'ן ארבייטער און האבען געלאכט. ער האט שוין אויך פריהער א סך מאל באמערקט, אז זיי באהאלטען זיך אפט פון אלעמען און אז איהרע אויגען זיינען געווארען ליכטיגער, ווי אין זיי וואלט זיך אנגעצונדען א פייער.

ער איז שטיל צוגעגאנגען און אנגעשריען אויף דער מיידעל, זי זאל געהן אין קיך העלפען דער מוטער. נאר זי האט זיך ניט גערירט פון ארט און געווארט ביז דער פאטער וועט אוועק און קיילין איז נאך א ווייל געשטאנען עפעס געפרעגט ביים ארבייטער און זיך אוועקגעשלעפט ווייטער איבער'ן הויף.

אין הויז האט מען שוין געשפילט און געטאנצט. בחורים און מיידלאך האבען זיך געטראגען פלינק אין א קאראהאד, געטופעט מיט די פיס און געקוויטשעט פון פרייד, און די ווייבער האבען זיך געדרעהט מיט אומגעלומפער-

טע באוועגונגען. זייערע זאטע פּנים'ער זיינער געווען רויט און פאַרשוויצט און די אויגען האַלב פאַרמאַכט פון פאַרגעניגען. אביטעל שפּעטער האָבען די מענער געבראַכט וויין און בראַנפען און מען האָט גענומען הוליען און זינגען. איינער פון די געסט, אַ קליין דאַר בחור'ל מיט לעבעדיגע אויגען האָט געמאַכט אַלעמען פרעהלאַך און באַוויזען אַלערליי קונצען מיט קאָרטען און זיך גע־מאַכט נאַריש ווי אַ פּאַיאַץ. דער טומעל און די געשרייען פון די קינדער האָ־בען זיך געהערט ווייט אַרום און קיילין איז אַלץ אַרומגעגאַנגען איבער'ן הויף און זיך ניט געפונען קיין פּלאַץ. די לבנה איז שוין געשטאַנען הויך אין הי־מעל און די גראָזען אין זומפּ האָבען אויסגעזעהן ווי באַזילבערט און צאַרט. דאָרט האָט זיך איהם אַלץ געדאַכט ליגען באַהאַלטען די מאָדנע באַשעפענישען, וואָס וואַרטען נאָר עס זאָל ווערען פינסטער און דאַן וועלען זיי זיך אַ ציה טאָן צום הויז אָנפילען די צימערען און פּייניגען איהם.

טאַטע האַרציגער, טאַטע האַרציגער! — פלעגט ער נאָכאַנאַנד זיפצען, און אַלע ווײַלע זיך צוזעצען אָפּרוהען ביים פּאָמפּ אויף אַ שטיין. ענדליך איז ער זעהר מיעד געוואָרען און זיך אַריינגעשלעפּט צו זיך אין צימער. זיין פרוי, אין די קליידער, איז שוין געשלאָפען. דאָ האָט זיך דער טומעל פון אונטען ניט געהערט אַזוי שטאַרק. ער האָט זיך, אויך אָן אָנגעטאָנענער, אויסגעצויגען לעבען איהר און פאַרמאַכט די אויגען. און ווידער איז אָנגעפאַלען דער האַלבער שווערער שלאָף, וואָס האָט איהם געמאַטערט אַ גאַנצען טאָג, און זיין מאַמע האָט פאַר'ן האַנט אַריינגעפיהרט צו איהם זיין ערשטע פאַרשטאָרבענע פרוי און זי האָט גלייך גענומען עפּעס זוכען אין צימער און אויסגעזעהן האָט זי אַזוי ווי אַ פּאָר טעג פאַר'ן טויט, בלאַס און זעהר אויסגעדאַרט, מיט פאַר־טרערטע גוטע אויגען. ער האָט זי געוואָלט פרעגען, וואו איז זי געווען אַזוי לאַנג

און דערצעהלען, אז ער איז קראנק, דארף האבען רוה און דא טומעלט מען אזוי, אז ער קען ניט איינשלאפען. שפעט אין דער נאכט האט ער זיך אויפגעכאפט פון א שטארקען וועהטאג אונטער'ן הארצען. ער האט גענומען וועקען זיין פרוי, נאר זי איז געשלאפען ווי א דער'הרג'טע. האט ער זיך אראפגעשלעפט פון בעט און לאנגזאם, דורכ'ן טונקעלען קארידאר, זיך ארויסגעשארט אין דרויסען. ארום איז געווען שטיל און די לבנה האט העל געלויכטען. אלע זיינען שוין פון לאנג געשלאפען מיעדע פון טאנצען און זינגען און פער'שיכור'טע פון בראנפען און וויין. ער האט לייכטער אפגעאטהעמט און זיך אראפגעלאזט אויפ'ן שטיין ביים פאמפ. דער וועהטאג אונטער'ן הארצען איז שטילער געווארען. ער האט זיך אויפגעהויבען און געוואלט אריינגעהן צוריק אין הויז און מיט אמאל איז ער געבליבען ווי פארגליווערט. א פרויען פיגור אין איין העמד איז ארויסגעשפרונגען פון אן אונטערשטען פענסטער און זיך א לאז געטאן לויפען אין דער זייט, וואו א פארביידלאך זיינען געשטאנען אונטער בוימער, וואו איינינגע בחורים האבען זיך געפונען, ווייל אין הויז איז ניט געווען קיין פלאץ פאר זיי וואו צו שלאפען. קיילין האט ניט דערקענט ווער דאס איז, און איידער ער האט זיך ארומגעקוקט, איז די פיגור שוין פארשוואונדען אונטער די בוימער און זיך באהאלטען אין אביידעל. . .

ער איז פאמעלאך צו צו די בוימער און זיך גענומען צוהערען. עס האבען זיך געהערט שטילע אפגעריסענע ווערטער אין איינע פון די ביידלאך וואו זיין ארבייטער איז געשלאפען. מען האט זיך געקושט און באלד האבען זיך דערטראגען איינגעהאלטענע קרעכצען און פארשטיקטע קולות, ווי מען וואלט אימיצען געפייניגט אין דער נאכט און ניט געלאזט איהם שרייען. און פלוצים איז שטיל געווארען. קיילין איז אפגעטראטען פון בוים, געטראכט ווער עס קען

עם זיין פֿון די ווייבער, און איז אַוועק צוריק צום הויז. אַריינגעהענדיג אין קאָרידאָר, האָט ער באַמערקט, אַז די טהיר פֿון זיין טאָכטער'ס צימערל איז אָפֿען און אין איהר בעט איז קיינער נישטאָ. ער האָט זיך גלייך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פֿאָר און צוזאַמענגעדריקט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט. אַזוי שרעקלאַך האָט איהם געגומען זשומען און קלינגען אין די אויערען. דאָס איז זיין איינציגע טאָכטער דאָרט איןביידעל מיט'ן אַרבייטער און איהרע קולות האָבען זיך עם געהערט. ער האָט געוואָלט לויפֿען אויפֿוועקען זיין פֿרוי. נאָר ער איז אַראָפּ פֿון די טרעפּ און אַרויס אין דרויסען. ביים טיהר איז ער געבליבען שטעהן און ניט געהאַט קיין כח זיך צו ריהרען ווייטער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿ'ן שוועל און דערפֿיהלט ווי אַ הייסע כוואַליע שטיקט איהם אין האַלז און ער האָט גענומען ברעכען מיט בלוט און באַלד האָט זיך איהם פֿאַרדרעהט דער קאָפּ און אַלץ איז פֿאַרשוואונדען אַרום, נאָר אינסטינקטיוו האָט ער זיך געוואָלט אויפֿהויבען און אַריין צוריק אין הויז, איז ער מיט אַמאָל אַ פֿאַל געטאָן מיט'ן פּנים צו דער ערד און איז געבליבען ליגען אָהן לעבען.

---

דער אַלטער הונט פּרינץ, וואָס האָט געדרעמעלט ביים טויער, האָט דערהערט אַ קלאַפּ און צוגעהינקט צום הויז. ער האָט דערקענט זיין באַלעבאָס, איהם אַרומגעשמעקט און געלעקט זיין פּנים און ווען ער האָט דערזעהן, אַז יענער וויל ניט אויפֿשטעהן און ליגט אָהן אַן אָטהעם, האָט ער זיך צובילט מיט אַ געוויין און געיאָמערט אין דער שטילער נאַכט אַריין.

1922